ד״ר ב. אײַזנשטאט

# וויאזוי זאָלנ מיר פארהיטנ דאָס געזונט פונ אונדזערע קינדער?

## היגיענע פונ פאָרשול- אונ שול-עלטער



פארלאַג „עמעס“, מאָסקווע 1934

„דער קאמפ פאר א געזונטן אומבײַט מוז זײַן דורכגעדרונגען מיט לעבינס אָנווײַזונג, אז „גראָד איר, דער דאָזיקער יוגנט, שטייט פאָר צו פארענדיקן, דורכצופירן ביזן סאָף די זאך פון קאָמוניזם, גראָד איר שטייען נאָך פאָר קאמפן פארן קאָמוניזם און זי מוז די דאָזיקע קאמפן באגעגענען א פעסטע, א געזונטע, מיט שטאָלענע נערוון און אײַזערנע מוסקולן" (באשלוס פונעם צק אלקפ(ב) וועגן דער ארבעט פון דער פיאָנערן־אָרגאניזאציע, 21 אפרעל 1932 יאָר).

„...דאָס אלץ שאפט אזוינע ארבעט־אומשטענדן און אזא לעבנשטייגער פונעם ארבעטער־קלאס, וועלכע גיבן אונדז א מעגלעכקײַט צו דערציִען א נײַעם דאָר ארבעטער, געזונטע און לעבנסלוסטיקע, פייִקע אופצוהייבן די מעכטיקײַט פונעם סאָוועטישן לאנד אף דער געהעריקער הייך און צו פארטיידיקן עס מיט לײַב און לעבן קעגן די אָנפאלן מיצאד די סאָנים..."

(סטאלין)

# ארײַנפיר

די זאָרג פארן געזונט פון די קינדער איז די זאך פון די מיליאָנען ארבעטנדיקע; אין א נאָרמאלער, געזונטער אנטוויקלונג און דערציִונג פון דעם נײַעם דאָר איז פארינטערעסירט דאָס גאנצע לאנד, וועלכע בויט מיט אזוינע גראנדיִעזע טעמפן דעם גרויסן סאָציִאליסטישן בינינען און ניִטיקט זיך אין נײַע בויער, אין נײַע קעמפער.

ליקווידירנדיק די פארשקלאפונג און פינצטערקײַט פונעם צארישן רוסלאנד האָט די אָקטיאבער־רעוואָליוציע געעפנט נײַע, גרויסע מעגלעכקײַטן פאר די ארבעטנדיקע מאסן פונעם ריזיקן לאנד און געשאפן נײַע, גינסטיקע באדינגונגען פאר דער דערציִונג און בילדונג פון די קינדער און יוגנטלעכע.

אין קעגנזאץ צו די קאפיטאליסטישע לענדער, ווו עס הערשט אן אבזאָרלוטער קריזיס, ווו די צאָל ארבעטלאָזע און הונגעריקע אין שטאָט און אין דאָרף וואקסט קעסיידער און דערגרייכט קאָלאָסאלע ציפערן — האָט דער ראטנפארבאנד פולקום ליקווידירט די ארבעטלאָזיקייט, דערפאָלגרייך פארווירקלעכט דעם ערשטן פינפיאָר־פּלאן און מיטן איבערבוי פון דער פאָלקווירטשאפט, מיט דער אינדוסטריאליזירונג פונעם לאנד און קאָלעקטיוויזירונג פון דער לאנדווירטשאפט — גע־שאפן די פאָרהאנאָבעס און מעגלעכקייטן אופצוהייבן דעם וווילשטאנד פון די ארבעטער און פון די קאָלווירטישע מאסן.

אלס רעזולטאט פון די גראנדיעזע דערגרייכונגען איז די שטערבלעכקייט פון דער אלגעמיינער און קינדער־באפעלקערונג געפאלן בא אונדז אין פארגלייך מיט די פארמילכאָמע־יאָרן — מער ווי אפ איין דריטל, בעת אין די קאפיטאליסטישע לענדער הערט די שטערבלעכקייט ניט אוף צו וואקסן פון יאָר צו יאָר.

אונטערפירנדיק דעם סאכאקל פאר די לעצטע דריי יאָר אפן געביט פון דער קולטורעלער אנטוויקלונג פונעם לאנד, ברענגט כ׳ סטאַלין אין זיין באריכט אפן XVII פארטיי־צוזאמענפאָר פאָלגנדיקע ציפערן:

א) עס איז איבערן גאנצן פססר איינגעפירט געוואָרן די אלגעמיינע אָבליגאטערישע אָנפאנג־בילדונג און עס איז דערפירט געוואָרן דער פּראָצענט גראמעטנע פון 67% סאָף 1930 ביז 90% סאָף 1933.

ב) עס איז אויסגעוואָקסן די צאָל שילער אין די שולן פון אלע שטופעס פון 14 מיליאָן 358 טויזנט אין 1929 ביז 26 מיליאָן 419 טויזנט אינעם יאָר 1933, דערונטער אין אָנפאנג־בילדונג — פון 11 מיליאָן 697 טויזנט ביז 19 מיליאָן 163 טויזנט.

ג) די צאָל קינדער אין דער פאָרשול־דערציונג איז פון 838 טויזנט אין 1929 אויסגעוואָקסן ביז 5 מיליאָן 917 טויזנט אין 1933 יאָר.

וואָס אָנבאלאנגט די אויסזיכטן אין משעך פון צווייטן פינפיאָר ברענגט כ׳ מאָלאָטאָוו אין זיין פאָרטראָג אפן XVII פארטיי־צוזאמענפאָר פאָלגנדיקע ציפערן:

א) עס מוז ליקווידירט ווערן דער אנאלפאבעטיזם צווישן דער גאנצער באפעלקערונג. דאָס איז פולקום מעגלעך צו פארווירקלעכן אין משעך פון די נאָענטסטע 2—3 יאָר.

ב) עס מוז דורכגעפירט ווערן די אלגעמיינע אבליגאטארישע פאליטעכנישע בילדונג אין פארנעם פון 7 יאר ניט נאר אין שטאט, נאר אויך אין דארף.

דער קאנטינגענט פון דער 7-יאריקער שול דארף אזויארום אויסוואקסן פון 21,7 מיליאן שילער ביז 28,8 מיליאן.

ג) די געזעלשאפטלעכע פארשול-דערציִונג בײַז זיבן יאר דארף אין 1937 יאר ארומנעמען 16 מיליאן קינדער אנשטאט 5,2 מיליאן אין 1932 יאר.

אפן געביט פון געזונט-פארהיטונג ברענגט כ' מאלאטאוו פאלגנדיקע ציפערן. די אויסגאבן אף געזונט-פארהיטונג, ארבעטער-אפרו און פיזקולטור וואקסן אויס פון 5,4 מיליארד רובל אינעם ערשטן פינפיאר ביז 19,6 מיליארד רובל אינעם צווייטן פינפיאר, דאס הייסט, זיי וואקסן קימאט אין 4 מאל.

איינציִיטיק מיטן דערפאלגרייכן דורכפירן אינעם לעבן די אלגעמיינע בילדונג, האבן דער צענטראל-קאמיטעט פון דער אלפארבאנדישער קאמוניסטישער פארטיי (באלשעוויקעס) און די האטן-רעגירונג אנגענומען א גאנצע ריי באשלוסן און מאסמיטלען אף צו פארבעסערן די קינדער-דערציִונג, אופהייבן אף א געהעריקער הייך די קוואליטעט פון לערנען אין די שולן און פון דער ארבעט אין די פארשול-אנשטאלטן, געזינטער מאכן די דאזיקע אנשטאלטן, פארשטארקן און פארבעסערן די מעדיצינישע באדינונג פון דער קינדער-באפעלקערונג, פארברייטערן די פארגעזינטערונגס-מאסמיטלען אא״וו.

עס וואקסט קעסיידער די צאל פראפילאקטישע קינדער-אמבולאטאריעס (אדער קינדער-אפטיילונגען בא די דיספאנסערן), עס פארמערט זיך די צאל דאקטוירים פאר דער געזונט-פארהיטונג פון די קינדער, וועלכע באדינען די שולן און קינדער-גערטנער.

אין די סאנאטארישע לאגערן פאר פיאנערן זיינען אין 1931 יאר געוועז (אין רספסר) 3405, אין 1932 י. — 6560 ערטער (באדינט 78000 קינדער).

אין 1931 זיינען אין די מאסן-לאגערן ארויסגעפארן אנדערהאלבן מיליאן פיאנערן, אין 1932 — בא 3 מיליאן.

אזוי וואקסט אויך די צאל ערטער פאר יוגנטלעכע אין די סאנאטארישע קאלאניעס, פאר פארשול-קינדער אין די זומער-קאלאניעס;

די געזעלשאַפטלעכע קינדער־דערנערונג פאַרבעסערט זיך קעסיידער און נעמט שוין אַרום אין דאָסראָוו שטעט אַלע קינדער־גערטנער און שולן.

עס זיינען נאָך אָבער פאַראַן אַ סך שוועריקייטן און מענגלען, וועלכע מע מוז באַקעמפן — דורכפירנדיק אין לעבן די פאַרשיידענע באַשלוסן און אָנווייזונגען פון דער פּאַרטיי און רעגירונג — אויף די דאָזיקע אַלע געביטן, באַזונדערס אויפן געביט פון דער געזונט־פאַרהיטונג פון דער קינדער־באַפעלקערונג.

אַחוץ שטערונגען פון מער אָדער ווייניקער אָביעקטיוון כאַראַקטער, באַגעגענען מיר אויפט אַ ניטדערלאָזבאַרע ניט־דערשאַצונגען מיצאַד פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס, אַנשטאַלטן און פּערזאָנען צו די פראַגן פון געזונט־פאַרהיטונג פון דער קינדער־באַפעלקערונג.

עס ווערט אויפט ניט געשענקט די געהעריקע אויפמערקזאַמקייט און ערנסטקייט צו די דאָזיקע ברענענדיקע פראַגן, עס ווערן ניט מאָביליזירט ווי געהעריק די מאַסן, עס ווערן ניט אויסגענוצט אַלע מעגלעכקייטן און מיטלען.

אינעם באַשלוס פונעם צק פון אַלקפּ(ב) וועגן דער אַרבעט פון דער פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע פון 21־טן אַפּרעל 1932 יאָר (צענטער יאָרטאָג פון דער פּיאָנערן־אָרגאַניזאַציע) לייענען מיר בעפירעוש: „דער צק פון אַלקפּ(ב) האַלט די אַרבעט פון דער סאָוועטישער פיזישער קולטור פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען און פון די פרייוויליקע געזעלשאַפטן אויפן געביט פון די פאַרגעזונטערונג־מאָסמיטלען צווישן די קינדער (געזונט־פאַרהיטונג פון די קינדער, ספּאָרט, לאַגערן אאַוו.) פאַר ניט־באַפרידיקנדיק".

די גרויסע אויפגאַבע: דערציען אַ באַוווּסטזיניקע געבילדעטע און געזונטע יוגנט, וועלכער „עס שטייט פאָר צו פאַרענדיקן, צו דערפירן ביזן סאָף די זאַך פונעם קאָמוניזם" — פאָדערט פון אַלע ראַטן־אָרגאַנען און פון אַלע געזעלשאַפטלעכע אוןווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס די געהעריקע פאַראַנטוואָרטלעכע באַציונג, אַרבעט, אַקטיוויקייט, גיכקייט און פּינקטלעכקייט.

„...דער קאַמף פאַר אַ געזונטן אויפבוי דאַרף ווערן די טאָג־טעגלעכע זאָרג פון די ראַטן און פון אַלע אָרגאַנען פון דער פּראָלעטאַרישער מעלוכע, פון די פּראָפאַראיינען און פון קאָמיוג, פון אַלע געזעל-

שאפטלעכע אָרגאניזאציעס (פיזקולטור, „קינדער־פריַינט", „רויטער קרייצ" אא.) און פונ דער גאנצער סאָוועטישער געזעלשאפטלעכקייַט.

די דאָזיקע אופגאבע דארפ ווערנ איינע פונ די זוויכטיקסטע עלעמענטנ אינ דער ארבעט פונ דער פיִאָנערנ־אָרגאניזאציע". „פארצייכענענדיק די ניט גענוגיקע אופמערקזאמקייַט מיצאד די פארטייִשע אָרגאניזאציעס צו דער ארבעט צווישנ די קינדער, לייגט פאָר דער צק אלקפ(ב) די פארטאָרגאניזאציעס צו פארשטארקנ מיט אלע מיטלענ זייער ארבעט אפנ דאָזיקנ געביט..."

נאָר בא דער טאָגטעגלעכער אקטיווער מיטהילפ פונ דער ברייטער געזעלשאפטלעכקייַט איז מעגלעכ צו אָרגאניזירנ ברייטע פארגעזינטערונג־מאָסמיטלענ פאר די קינדער־מאסנ.

קעדיי דער ארבעטער און קאָלווירטניק, לעכאָלאפאָכעס די געזעלשאפטלעכע אקטיוויסטנ צווישנ זיי, די עלטערנ און דעריקער די יוגנט זאָלנ קאָנענ זייַנ נוצלעכע מיטהעלפער אינ דער דאָזיקער גרויסער און פאראנטוואָרטלעכער ארבעט — מוזנ זיי זייַנ באקאנט מיט די וויכטיקסטע פראגנ פונ פארשטארקנ און פארהיטנ דעמ געזונט פונ די קינדער; זיי דארפנ וויסנ די הויפט־סיבעס פונ די קינדער־קראנקייַטנ, די באדייַטונג פונ די פארשיידענע שעדלעכקייַטנ און די וויכטיקע ראָליע פונ היגיִענישע לעבנס־באדינגונגענ אינ דער דערציִונג פונ א נייַעמ דאָר געזונטע און לעבנסלוסטיקע בויער פונעמ סאָציִאליסטישנ לעבנ.

געבנ די אקטיווע מיטהעלפער אפנ קינדער־פראָנט א באשטימטנ סכומ יעדיִעס און פראקטישע אָנווייַזונגענ אינ די דאָזיקע פראגנ — אָט דאָס איז די אופגאבע פונעמ דאָזיקנ ביכל.

# I. די פיזישע דערציִונג

א גרויסע ראָליע אינעם שאפנ א געזונטנ אומבײַט, וועלכער זאָל בעעמעס זײַנ בעקויעכ „צו דערפירנ ביזנ סאָפ די זאכ פונעם קאָמוניזם", דארפ שפילנ די פיזישע דערציִונג.

די פיזישע דערציִונג אָדער די פיזישע קולטור אינעם ברייטנ זינ פונ וואָרט, נעמט אייגנטלעכ ארײַנ אַלע מיטלענ, וועלכע פירנ צו א נאָרמאַלער און פולער אנטוויקלונג פונ די קויכעס און פייִקײַטנ פונעם אָרגאניזם, צו זײַנ פארשטארקונג, צו דער צוגרייטונג צו קאָלערליי טעטיקײַט־פאָרמענ פונעם מענטשנ.

די פיזקולטור — פיזישע איבונגענ (גימנאסטיק), ספּאָרט־פאַרווײַלונגענ, טוריזם, ברייט אויסנוצנ אזוינע מעכטיקע נאטור־פאקטאָרנ ווי זונ, לופט און וואסער — דאָס אַלצ האָט, פארשטייט זיכ, א גרויסנ ווערט אויכ פארנ דערוואקסענעם מענטשנ, א באזונדערס גרויסע באדײַטונג האָט עס אָבער פאר די קינדער און יוגנטלעכע, וועמעס אָרגאניזם עס געפינט זיכ אינ סטאדיע פונ וואקסנ און פאָרמירנ זיכ.

די מוסקולנ, וועלכע שטעלנ פאָר אונדזער אקטיווע ארבעטקראפט און פילנ אויס די פארשיידנסטע באוועגונגענ פונעם קערפער, אנטוויקלענ זיכ דורכ באנוצנ זיי, דורכ איבונג. מיר האָבנ א כלל: די ארבעט פונ אנ אָרגאנ פארגרעסערט זײַנ ארבעטפייִקײַט, די אומטעטיקײַט פונ אנ אָרגאנ שוואכט אים אָפּ, טויט אים אָפּ.

דאָס קלענסטע קינד, אויב עס איז נאָר געזונט און לעבנפייִק, מאכט שוינ פארשיידנארטיקע באוועגונגענ און דערמיט לערנט זיכ עס ריכטיק און עקאָנאָמיש צו באנוצנ זיכ מיט זײַנע איבֿרים. יעדער פאל, קלאפּ און ווייטעק איז דערבײַ א גוטע לעקציע פאר אים אפ לעהאבע. דאָס שטערנ די באוועגונגענ, דאָס ארומלויפנ און די שטיפערײַ פונעם קליינווארג מיצאד א סאכ עלטערנ איז דעריבער ניט אויסגע-

האלטנ. מע דארפ, פארקערט, געבנ די קינדער וואָס מער מעגלעכקייטנ פאר פרייער אונ זעלבשטענדיקער באוועגונג, ניט ציטערנ אליינ אונ ניט שרעקנ די קינדער פאר די קליינע דורכפאלנ, וועלכע קאָנענ דערביי פאסירנ. די דאָזיקע נאטירלעכע שול לערנט פיל די קינדער. שטערנ זיי באוועגנ זיכ — הייסט פארהאלטנ זייער נאָרמאלע אנטוויקלונג.

איבערלאָזנדיק די קינדער א געוויסע פרייהייט צו באוועגנ זיכ, איז גוט צו וויסנ וואָס פאר א מינ באוועגונגענ איז פאר זיי אינ דעמ אָדער אינ יענעמ עלטער וויכטיקער, קעדיי צו שאפנ דערצו גינסטיקע מעגלעכקייטנ.

אָט וויסנ מיר, לעמאָשל, אז בא פאָרשול־קינדער זיינענ די מוסקולנ פונ דער אויבערשטער קערפער־העלפט (אקסלענ, הענט) ווייניקער אנטוויקלט, ווי די פיס־מוסקולנ, וועלכע אנטוויקלענ זיכ פונ גייִנ אונ פונ לויפנ אינ א גענוגנדיקער מאָס.

דורכ געהעריקע שפילנ אונ איבונגענ, ווי שפילנ אינ פילקע, טראָגנ לייכטע מאסעס לויט די קויכעס — אונ אנדערע ארבעטנ — קאָנ מענ מיטווירקנ דער אנטוויקלונג פונ די אויבערשטע מוסקולנ (פונ די הענט, פונעמ נאקנ, רוקנ אונ אָטעמ־מוסקולנ).

פאר די פאָרשול־קינדער זיינענ פאראנ ספעציעלע פיזישע איבונגענ, וועלכע זיינענ צוגעפאסט פארנ דאָזיקנ עלטער. דאָס וויכטיקסטע אָרט פארנעמענ דאָ די באוועגלעכע שפילנ. א באזונדערס גרויסע באדייטונג באקומענ די דאָזיקע באוועגלעכע שפילנ, ווענ זיי קומענ פאָר אפ דער פרייער לופט, ווו די קינדער דארפנ ביכלאל פארברענגענ א סאכ צייט יעדנ טאָג, א ג א נ צ י אָ ר.

אפנ הויפ פונעמ קינדערגאָרטנ אונ ביכלאל אפ די הויפנ, ווו עס זיינענ דאָ קליינע קינדער, איז גוט איינצואָרדענענ אייניקע פאָשעטע פיזקולטור־מאכשירימ, ווי א פארקנדל צומ קריכנ, א קלאָצ פאר איבנ זיכ אינ גלייכגעוויכט אאוו.

אזעלכע מאכשירימ רופנ ארויס בא די קינדער א אינטערעס צו פארשיידענע, באזונדערס וויכטיקע פאר זיי, באוועגונגענ אונ העלפנ מיט, אפ אזא אופנ, זייער פיזישער אנטוויקלונג.

געזונטע קינדער זיינענ געוויינלעכ גענוג באוועגלעכ אונ בא אזוינע געהעריקע מעגלעכקייטנ זיינענ זיי גענוג אקטיוו.

וויינִיק רירעוודיק זיינענ דאָסראָוו בלייכע, בלוטאָרעמע אונ שוואכע

קינדער. די דאָזיקע בלוטאָרעמקייט איז אָבער גאַנצ אָפּט טאַקע א רעזולטאַט פונעמ קנאַפּנ פאַרברענגנגען אונ באַוועגנ זיכ אפ דער לופט.

אַזוינע קינדער איז וויכטיק מיט פאַרשיידענע מיטלענ פאַרינטערעסירנ מיט באַוועגלעכע שפּילערייענ, ניט איבערלאָזנדיק זיי איינע אליינ. אלנפאלס דארפ מענ זיכ באַראַטנ וועגנ זיי מיטנ דאָקטער, קעדיי גענוי פעסטצושטעלנ זייער געזונט־צושטאַנד אונ וויסנ ווי צו באַגיינ זיכ מיט זיי.

פרישע לופט. דאָס באַנוצנ פרישע לופט איז איינע פונ די וויכטיקסטע באַדינגונגענ פאַרנ געזונט. אָטעמענ מיט די זעלביקע פאַרברויכטע לופט איז לעבנסגעפערלעכ אַזוי אומהיגיעניש אונ שעדלעכ, ווי טרינקענ גענוצטע, שמוציקע וואַסער.

אינ קליינע וווינונגענ, אָפּגעשלאָסענע פונ דער פרייער לופט, אָדער אפילע אינ גרויסע לאָקאַלנ, ווו עס קומענ זיכ צונויפ א סאַכ מענטשנ (וואַרשטאַטנ, קלובנ, גאַרקיכנ, שולנ, קינדערגערטנער) ווערט די לופט קעסיידער אונ גיכ פאַראומרייניקט מיט גאַזיקע שטאָפנ, וועלכע באַקומענ זיכ פונ די הויט־אויסשיידונגענ, פונ אָפּגעטראָגענע קליידער, פונ שמוציקע וועש אונ ביפראַט פונ אומציכטיקע אונ קרענקלעכע מענטשנ. אַכוץ דעמ ווערט די צימער־לופט אַלץ וואַרעמער אונ פייכטער דורכ דעמ אָטעמענ פונ די מענטשנ, וואָס דאָס שטערט, אַז פונ אונדזער קערפּער זאָל זיכ אויסשיידנ וואַרעמקייט, — א פּראָצעס, וואָס קומט פאָר אונ מוז פאָרקומענ קעסיידער, אַנ וועלכנ אונדזער קערפּער ווערט איבערגעהיצט. בא גרויסע פאַרזאַמלונגענ, וועלכע קומענ פאָר אָנ קיינ שומ ווענטיליאַציע אָדער אויסלופטערנ א לענגערע צייט, קענ די טעמפּעראַטור אונ די פייכטקייט דערגרייכנ גאַנצ גרויסע ציפערנ. אַזוינע פאַלנ טרעפנ זיכ אויכ אָפט אינ שול, ווו עס איז פאַרנאַכלעסיקט די זאָרג פאַר גוטער לופט.* אַרייַנקומענדיק אינ אַזא לאָקאַל פונ גאַס, קענ מענ אָפט פעסטשטעלנ מיטנ נאָז די אומרייניקייט פונ דער צימער־לופט. געפינט מענ זיכ לענגער אינ צימער, פילט מענ עס שוינ מער ניט: דער כושארייעכ ווערט גיכ צוגעוווינט אונ אָפּגעטעמפּט. די שעדלעכקייט פונ דער שלעכטער לופט בלייבט אָבער איינ אונ די זעלביקע.

---

* די טעמפּעראַטור דערגרייכט ביז איבער 35 גראַד (צעלזי), די שויבנ זיינענ פייכט — די קינדער שוויצנ אונ ליידנ פונ היצ אונ פייכטקייט.

דאָס געפינען זיך אָפט אין ניט געלופטערטע וווינונגען ווירקט זייער שלעכט אויף יעדן מענטשן, ביפראט אָבער אויף קינדער. דאָס גרייט צו דעם באָדן פאר אַלערליי קראנקייטן.

אָבער אפילע די לופט אין גרויכע, געראמע צימערן קאָן בעשומרים ניט פארגליכן ווערן מיט דער פרישער לופט אפן גאס.

פאר יעדן מענטשן — ביפראט פאר קינדער איז דערפאר זייער וויכטיק צו געפינען זיך וואָס לענגער אויף דער פרייער לופט, וואָס נעענטער צום גרינס, וועלכעס רייניקט די לופט, וואָס ווייטער פון רויך, שטויב און מיסט.

די ראטן־רעגירונג לייגט זייער פיל אכט און גיט אויס זייער גרויסע סומעס אויף צו באזאָרגן די שטעט און די ארבעטער־ייִשובֿים מיט גרינס. ליידער אָבער היט די באפעלקערונג גופע ווייניק אויף די פאראנענע גרינס, גיט אויף ווייניק אופמערקזאמקייט אויף צו שיצן זיי פון קאָלערליי שעדיקער. מיר מוזן עס אליין טאָן און דערציִען, געוווינען די קינדער צו שאנעווען די גרינע פלאנצונגען אומעטום, ווו מיר טרעפן זיי. א באזונדערן אינטערעס האָבן פאר אונדז די הויפן און פלעצער פון די קינדער־אנשטאלטן, ווו עס מוז אומבאדינגט זיין א סאך גרינס, וואָס זאָל זיכערן די קינדער מיט ריינער לופט, און באשיצן זיי פון שטויב.

ווי געזאָגט, דארפן קינדער פארברענגען וואָס מער אויף דער פרייער לופט, זיין אין שטוב דארפן זיי נאָר דאן, ווען עס איז אומבאדינגט נייטיק (באָדן עסן, שלאָפן, צוגרייטן אויפגאבעס א.אזוו.), נאָר אפילע די דאָזיקע שטוביקע איניאָנים דארף מען אויך וואָס מער ארויסטראָגן אויף דער פרייער לופט אָדער ווייניקסטנס נעענטער צו איר.

אין א גאנצער ריי שולן און קינדער־גערטנער שלאָפן די קינדער (אין די שולן — די שוואכע גרופן) סיי זומער סיי ווינטער אויף טערראסעס, וועראנדעס מיט אָפענע פענצטער.

עס זיינען שוין פאראן שולן, ווו אויך די לימודים קומען פאָר אויף דער פרייער לופט, אָדער לעכאָלאפּאָכעס אין קלאסן מיט אָפענע פענצטער.

מיר דארפן זען דורכצופירן, אז אויך דאן, ווען די קינדער זיינען אין שטוב, זאָל זייער מאַגעמאסע מיט דער פרייער לופט ניט איבערגעריסן ווערן: שטענדיק אן אָפענער פענצטער אָדער פאָרטקע.

דאָס גרינטלעכע אויסלופטערן די וווינונגען פאַרן שלאָף, נאָכן אופשטיין פון שלאָף, בעשאַסן ראַמען אַא. מוז אומבאַדינגט אָפּגע־היט ווערן. פאַרשטייט זיך, אַז עס איז אומנגלעך צו זיכערן אַ ריינע לופט אין די וווינונגען, אויב מע קעמפט ניט קעגן שמוץ און שטויב — דורך וואַשן דעם צימער, דורך אָפּטן פּוצן און פראַמען אַדג.

ווינטער, בייס אין צימער איז אַ סאַך וואַרעמער, ווי אויף גאַס, לופטערט עס זיך דורכן פענצטער אָדער אַפילע דורכן לופטיק גאַנץ גיך און גוט אויס.

זייער גוט איז אויסצולופטערן די צימערן דורך עפענען אַכוצן פענצטער די אַנטקעגנדיקע גאַסיקע טירן, אָדער אַן אַנטקעגנדיקן פענצטער, וואָס שאַפט אַ צוגווינט: דורך דעם בייט זיך די לופט אין צימער אַ סאַך שנעלער.

זומער דאַרפן שטענדיק זיין אָפן די פענצטער.

דערוויל זינדיקן מיר אָפּ דעם דאָזיקן געביט זייער שטאַרק. ניט אַלע עלטערן לאָזן אַזוי לייכט אַרויס די קינדער אויף גאַס, באַזונ־דערס ווינטער. זעלטן ווען און זעלטן ווו געפינען מיר אַ גוטע לופט אין אַ וווינונג, אַפילע אין אַ קינדער־אַנשטאַלט.

די מוירע פאַר קעלט, פאַר אַ ווינט, פאַר אַ צוגווינט, פאַר אַ פאַר־קילונג איז זייער גרויס.

עס איז וויסנשאַפטלעך פעסטגעשטעלט געוואָרן, אַז אַ צוגווינט איז ביכלאַל גאָרניט שעדלעך און אַז נאָר אַף אויסגעצערטלטע, ניט פאַרהאַרטעוועטע מענטשן קאָן עס אַמאָל האָבן אַ שלעכטע ווירקונג.

אַף אַזאַ אויפן זעען מיר, אַז די איבערגעטריבענע פאָרזיכטיקייט ברענגט מער שאָדן, ווי נוצן: דאָס בעסטע מיטל צו קעמפן קעגן די אָפטע קאַטערס, בראָנכיטן, אַנגינעס — איז געוויינען דעם קערפּער פון קינדהייט אָן צו אַלע מינים וועטערס — הייסע, קאַלטע, פייכטע, ווינטיקע.

**ל ו פ ט־ב ע ד ע ר.** זייער וויכטיק פאַרן געזונט פון די קינדער איז די ווירקונג פון דער פרייער לופט אויפן הוילן קערפּער.

אין די טרוקענע וואַרעמע זומערדיקע טעג דאַרפן די קינדער ביכ־לאַל אַרומגיין האַלב־נאַקעט: אין דינע „טרוסיקעס" אָפּן אונטערשטן האַלבן קערפּער, מיט לייכטע טופליעס אָדער סאַנדאַלן אַף די פיס, און

ווען די זון ברענט — אין א לײַכטן װײַסן היטל פון לײַוונט, אָדער שטרוי אָדער אין א װײַסן טיכל אפן קאָפּ.

בא זייער א גוט צוגעקליבענעם הויף אָדער קינדער־פּלאַץ, וווּ מע דאַרף ניט מוירע האָבן פאַר שטייגער אָדער שטיקלעך אײַזן, גלאָז אאַ"וו, קאָנען די קינדער ארומגיין באָרוועס.

אויך ווינטער איז גאַנץ נוצלעך צו לאָזן די קינדער ארומלויפן אייניקע מינוט איבערן צימער גאַנץ אָדער האַלב־נאַקעט. גלײַכער איז עס דורכצופירן אינדערפרי, אין אן אויסגעלופטערטן צימער, נאָכן אופשטיין פונעם שלאָף.

דאָס ארומגיין האַלב־נאַקעט אַף דער פרײַער לופט פאַרהאַרטעוועט די קינדער. דאָס אויסטאָן זיי דאַרף אָבער דורכגעפירט ווערן בעהאַד־ראָגע, די קליידער דאַרף מען אראָפּנעמען, ניט אין איין טאָג, — נאָר ביסלעכווײַז. ווען אפן גאַס ווערט וואַרעמער, דאַרף מען דאָס קינד פאַנאַנדערלאָזן פון די ווינטערדיקע בעגאָדים, פון די זאָקן און שיך, פונעם וואַרעמען היטל און טיכל. די ערשטע צײַט דאַרף מען דאָס ארומגיין האַלב־נאַקעט באַגרענעצן בלויז מיט עטלעכע הייסע שאָ אין טאָג.

אין די הייסע טעג ווערן די קינדער איבערגעהיצט פון די בעגאָדים און שוויצן שטאַרק — באַזונדערס באַם שפּילן.

דאָס ארומגיין האַלב־נאַקעט איז דעריבער זייער וויכטיק.

מע מוז אָבער זײַן פאָרזיכטיק: גאַנץ פרי און אין אָוונט, ווען די זון איז ניטאָ, ווי אויך אין א רעגנדיקן אָדער ווינטיקן טאָג דאַרפֿן די יינגערע קינדער זײַן אָנגעטאָן. באַזונדערס דאַרף מען זײַן פאָרזיכטיק מיט שוואַכע קינדער.

אין די אַלע דערמאָנטע פראַגן דאַרף מען זיך אומבאַדינגט פאַרשטענדיקן מיטן דאָקטער.

בענעגייע די בגאָדים דאַרף מען האָבן א קלאַל: וואָס מער מע באַוועגט זיך, וואָס מער מע אַרבעט מיט די מוסקולן — אַלץ לײַכטער דאַרף מען זײַן אָנגעטאָן.

אויך ווינטער־צײַט דאַרף מען ניט צופיל אָנפּעלצן די קינדער. דאָס איידלט אוים זייער קערפּער, שטערט זיי מאַכן באַוועגונגען אַף דער לופט, און זיי קילן זיך דעריבער גיכער אָפּ. אָנגעפּעלצטערהייט מוזן זיך די קינדער בא שטאַרקערע באַוועגונגען פאַרשוויצן און נאָכ־

דעם קאָנען זיי באַם רויִקן שטיין אָפּ אַן אָרט זיך מיטאַמאָל און צו שטאַרק אָפּקילן.

**וואַסער** שפּילט פון לאַנג אָן אַ גרויסע ראָליע אין דער פיזי־שער דערציִונג. וואַסער איז זייער אַ וויכטיק און צוגענגלעך מיטל אָפּ צו פאַרהאַרטעווען און היילן אונדזער קערפּער. דערוואַקסענע און קינדער — אַלע באַנוצן זיך גאַנץ גערן מיט וואַסער אין פאַרשיידע־נער פאָרם: דושן, וואַנעס, אָפּרייַבונגען, און באָדן זיך אין טייַך און אין יאַם.

סייַ צוליב ריינקייַט סייַ אַלס פאַרהאַרטונג־מיטל איז גוט צו באַ־נוצן פאַר קינדער דאָס אָפּוואַשן דעם גאַנצן קערפּער אונטערן דוש. מע מוז עס אָבער דורכפירן גאַנץ פאָרזיכטיק, נעמענדיק אין אַכט דעם געזונט־צושטאַנד פונעם קינד און רעגולירנדיק די טעמפּעראַטור פונעם וואַסער. וואָס װאַרעמער עס איז די טעמפּעראַטור אָפּן גאַס און אין צימער — אַלץ קעלטער מעג זייַן די וואַסער־טעמפּעראַטור. אָנהייבן מוז מען אָבער שטענדיק פון געגוג וואַרעמע וואַסער, דערפירנדיק עס אין די ווייַטערדיקע טעג ביז שטוביקער טעמפּעראַטור (20 גראַד צעלזי).

דאָס קינד האָרף זיך געפינען אונטערן דוש אַ קורצע צייַט; וואָס קעלטער אָפּן גאַס — אַלץ ווייניקער מינוטן, און טייקעף דאַרף מען עס נעמען אָפּווישן, פאַנאַנדערייַבנדיק דעם גאַנצן קערפּער.

מיט יִנגערע פאַרשול־קינדער דאַרף עס טאָן די דערציִערן. זי דאַרף זיי אָבער צוגעווינען אַליין אָפּצווישן זיך.

אין די נייַע גוט־אייַנגעאָרדנטע קינדערגערטנער און שולן זייַנען פאַראַן דושן, אין דער היים איז דאָס שווערער אייַנצואָרדענען.

פאַראַן אָבער פּרימיטיווע דושן, וועלכע מע קאָן אַריבערטראָגן פון איין אָרט אָפּ אַן אַנדערן; אַזעלכע דושן קאָן מען באַקומען אָדער אַליין אייַנאָרדענען.

וואַנעס אָפּ צו וואַשן די קינדער ווערן גענומען דאַסראָוו וואַרעמע (30 גראַד).

באַנוצן וואַנעס קומט אָבער אויס דעריקער אין די הייל־אַנשטאַלטן, אין די קינדער־גערטנער איז עס זעלטן דאָ און ניט פּראַקטיש; עס פאָ־דערט זיך אַ סאַך אַרבעט, צייַט און הייצמיטלען אָפּ צו מאַכן וואַנעס אַלע קינדער.

אין וואַנע מוז מען זיי באָדן אייפּציקווייז און נאָך יעדערן גוט אויסוואַשן די וואַנע.

א סאך פּאַשעטער און לייכטער איז גוט אָפּוואַשן די קינדער מיט זייף און וואַרעמען וואַסער פון א שעפל אָדער פון א שיסל און נאָכ־דעם גרינטלעך אָפּשווענקען זיי אונטערן דוש. אויב עס איז קיין דוש ניטאָ, שווענקט מען אָפּ די קינדער דורכן אָפּגיסן פונעם עמער.

אין דער היים, באַזונדערס ווינטער־צייט, קאָן מען באַנוצן נאַסע אָפּרייבונגען פונעם קערפּער. מיט א ברייטן נאַסן (אויסגעדרייטן) האַנטעך ווישט מען גוט אַרום די ברוסט, דעם רוקן, די הענט און די פיס אין משך פון 3—5 מינוט, ביז די הויט ווערט רויט. מע דאַרף די קינדער אויסלערנען אַליין דאָס צו טאָן, לעכאַלאַפּאַכעס אָפּ יענע קערפּער־טיילן, וועלכע זיינען פאַר זיי מער צוטריטלעך.

די טעמפּעראַטור פונעם וואַסער דאַרף לעכאַטכילע זיין גענוג וואַ־רעם, בא 25—30 גראַד. שפּעטער קאָן מען זי דערפירן ביז צו דער שטוביקער טעמפּעראַטור — 20 גראַד צ. זייער גוט און געזונט איז פאַר די קינדער דאָס באָדן זיך אין טייך אָדער אין יאַם. בא באַשטימ־טע פּאַרזיכטיקייט־מיטלען קאָנען זיך שוין אָנהייבן באָדן קינדער פון 4—5 יאָר אַן.

דאָס ערשטע מאָל דאַרף מען זיך באָדן בא א טעמפּעראַטור ניט ווייַ־ניקער פון 22 גראַד. שפּעטער קאָן דאָס וואַסער זיין עטוואָס קעלטער.

זיין אין וואַסער דאַרף מען דאָס ערשטע מאָל ניט מער ווי 2—3 מינוט, שפּעטער צען מינוט און מער, ביסלעכווייַ, אַז דאָס קינד פילט זיך נאָכדעם גוט.

בייסן באָדן זיך דאַרפן זיך די קינדער באַוועגן און אַרויסגייען־דיק פונעם וואַסער, גיך און גרינטלעך זיך אָפּווישן. זיי דאַרפן אָבער אַרויסגיין פונעם וואַסער איידער זיי ווערט קאַלט, אָדער ווען עס נעמט זיי טרייסלען.

ס'איז גוט צו באָדן זיך יעדן טאָג.

מע דאַרף פונעם יינגסטן עלטער אָן לערנען די קינדער שווימען, וואָס איז איינע פון די נוצלעכסטע מינים פיזישע איבונגען פאַר יעדן עלטער. דער שטאַרקער עפעקט דערקלערט זיך דערביי דורך דעם, וואָס עס אַרבעט א גרויסע צאָל מוסקולן, און דורך דער ווירקונג פונעם וואַסער גופא.

בייסן שווימען דארף מען רויק און גלײַכמעסיק אָטעמען, בעשומ־ויפן ניט דערלאָזנדיק צו אן איבערמידונג.

פארשטייט זיך, אז דאָס באָדן זיך און שווימען פון קינדער סײַ פון פארשול־ און סײַ פון שול־עלטער קאָן פאָרקומען נאָר אף אזא אָרט, וואָס דערוואקסענע גוטע שווימער האָבן אפריִער אויסגעפאָרשט. אכוץ דעם דארף מען שטרענג אָפהיטן, אז די קינדער זאָלן אליין ניט גיין באָדן זיך. שטענדיק דארף דאָס קינד אָדער דעם קינדער־קאָלעקטיוו באגלייטן א דערוואקסענער.

די קאלטע וואסער־פראָצעדורן דערפרישן, פארטיפערן דעם אָטעם, פארבעסערן דעם אפעטיט און די פארדייונג און פארשטארקן די מוס־קול־קראפט. עס איז זייער וויכטיק, אז צוטרעטנדיק צו דער קאלטער וואסער־פראָצעדור זאָל דער קערפער פריִער דערוואַרעמט ווערן דורך גימנאסטישע איבונגען.

**זונבעדער.** גרויס און פארשיידנארטיק איז די געזונט־מאכנדיקע ווירקונג פון די זונענשטראַלן אף אונדזער קערפער. ווירקנ־דיק קוידעמקאָל אף דער הויט, רופט די זון ארויס א בלוט־צופלוס, פארבעסערט איר דערנערונג און איר אָטעם־טעטיקײַט. די זונענשײַן פארשנעלערט דעם וווּקס פונעם קערפער און זײַן שטאָף־אויסטויש. באָדנדיק זיך אין די זונענשטראַלן, ווערט דאָס קינד מונטער און לעבנסלוסטיק.

די זון פארגרעסערט אָן שום ספק די ווידערשטאנד־פייִקײַט קעגן פארשיידענע קראנקײַטן. דעריבער טאקע דארפן די זונבעדער פארנעמען א בעקאָוועדיקן אָרט אין דער פיזישער דערציִונג פון די קינדער. יעדער ריינער טרוקענער פרײַער פלאץ טויג דערצו. אף א טעראסע, אף א פלאכן דאך, אף א גרויסן הויף, בא א זאמדיקן ברעג טײַך, אין פעלד, אף א לאָנקע, אפן ריינעם טרוקענעם גראָז קאָן מען נעמען זונוואנעס.

ס'איז גלײַכער אויסצוקלײַבן אן אָרט, וואָס איז פארשטעלט פון ווינט. מע צוימט אפילע אָפּ א ספּעציִעלן פלאץ אף צו נעמען זונוואַ־נעס. אזא פלאץ הייסט סאָליארי.* די קינדער לייגן זיך אף ווע־בעטלעך, אף שטרויענע מאטן, מאטראצן אאַז״וו.

---

* פונעם לאטײַנישן וואָרט „סאָל" — זון

די גענויע צײַט פונ בעמענ די זונוואַנעס הענגט אָפּ פונעם אַר־טיקנ קלימאַט. אינ די צענטראַלע גובערניעס ווערנ זיי דורכגעפירט בעערעכ א זייגער 11—12 באַטאָג, ניט ווייניקער אָבער ווי א האַלב שאָ פאַרנ מיטיק און ניט פריִער ווי א שאָ צוויי נאָכנ מיטיק.

מידערהייט, טייקעפ נאָכ אנ אָנגעשטרענגטער אַרבעט אָדער נאָכ א שטאַרקער באַוועגונג, פאַרשוויצטערהייט טאָר מענ ניט נעמענ קיינ זונוואַנעס.

בײַם דער זונוואַנע מוז דער קאָפּ זײַנ צוגעדעקט מיט א לײַכטנ שטרויענעמ אָדער לײַוונטענעמ היטל אָדער מיט א טיכל.

ליגנדיק אויפנ זונ, בײַט מענ אַלע ווײַלע די לאַגע: מע ליגט אויפנ רוקנ, אויפ דער רעכטער זײַט, אויפנ בויכ, אויפ דער לינקער זײַט. דעמ ערשטנ טאָג ליגט מענ גאַנצ ווייניק, מאַקסימום 5 מינוט, שפּעטער ווערט די צײַט פאַרלענגערט. אינ יעדער לאַגע ליגט מענ א גלײַכנ צײַט־אָפּשניט. אויב עס איז ניט ווײַט פונ טײַכ, באָדנ זיכ דאַרטנ די קינדער נאָכ דער זונוואַנע. אויב עס איז ווײַט — גרייט מענ צו וואַסער אינ אָפענע עמערס, וועלכעס וואַרעמט זיכ אויפנ זונ, און נאָכ דער זונוואַנע גיסט מענ די קינדער אָפּ פונ א דוש, פונ א גאָרטנ־באַגיסער אָדער מיט אַנ אַנדער קיילע. מע דאַרפ זיכ גוט און טרוקנ אויסווישנ. נאָכ דער זונוואַנע דאַרפ מענ קיינ באַוועגונגענ ניט מאַכנ, פאַרברענגענ א באַשטימטע צײַט גאַנצ רויִק, אינ א שאָטנדיקנ אָרט.

באַמ אָרגאַניזירנ די זונוואַנעס מוז מענ זיכ אָבער שטענדיק רעכענענ מיטנ עלטער און געזונט־צושטאַנד פונעמ קינד, ווי אויכ מיט די אָרטיקע קלימאַטישע באַדינגונגענ. באַזונדערס פאָרזיכטיק דאַרפ מענ זײַנ מיט די קליינע קינדער אויפנ דאָרעמ. בײַ יינגערע פאַרשול־קינדער קאָנענ דאָרטנ אַלגעמיינע זונוואַנעס ברענגענ צו ניט גע־וווּנטשענע רעזולטאַטנ, ווײַל זייער הויט איז זייער צאַרט און זייער מאָגנ האָט א נייגונג לײַכט קאַליע צו ווערנ.

אַמבעסטנ איז אײַנצואָרדענענ פאַר זיי די וואַנעס אונטערנ שוצ פונ א דעכל (навес). די צעזייטע זונענשטראַלנ וועלנ האָבנ זייער א גוטע ווירקונג, אָנ א געפאַר פאַרנ געזונט פונעמ קינד. מע קאָנ עס אויכ אײַנאָרדענענ אונטער לײַלעכער, וועלכע זײַנענ אָנגעצויגנ אויפ שטעקנס.

אזוינע לופטוואנעס איז גוט איינצואָרדענען (אָפן דאָרעמ) פון 7—8 ביז 9—10 אינדערפרי.

די קינדער קאָנען ארויסלויפן אפ דער זון אפ א 5—10 מינוט און נאָכדעמ זיך צוריק אומקערן צו די שפילן אונטערן דעכל.

קינדער עלטערע פון 5 יאָר דארפ מען אָבער דאָרטן אפ דער הוילער דאָרעמזון האלטן אויך גאנצ פאָרזיכטיק. גלייכער איז אָנהייבן פון 1 מינוט און ביסלעכוויז דערגיין ביז 5—8 מינוט אפ א זייט.

נאָכן אָפגיסן זיך דארפן זיי אָנטאָן א לייכטן העלן בעגעד און גיין אין שאָטן זיך אָפרוען.

אומעטום דארפ מען באזייטיקן פון די זונוואנעס נערוועזע, שטארק אָפגעשוואכטע קינדער, קינדער מיט טעמפעראטור אדגל. און ביכלאל אזוינע קינדער, וועלכע טראָגן עס שלעכט אריבער.

די פארשיידענע מיטלען פון פיזישער דערציִונג דארפן צוגעפאסט ווערן צומ עלטער פונעמ קינד. די קינדער מוזן אָבער דורכגיין א באשטימטן וועג, זיי מוזן פון די יינגסטע יאָרן אָן ביסלעכוויז פאר־הארטעוועט ווערן, לאנגזאמ אריבערגיין צו אלצ קאָמפּליצירטערע שפילן, איבונגען, ארבעטן.

דער ציל פון דער פיזישער דערציִונג אין שול איז אויסצולערנען די קינדער ריכטיק צו באוועגן זיך, עקאָנאָמיש באנוצן די מוסקולאַ־טור, פארגרעסערן זייער באוועגלעכקייט און פלינקייט דורך ריכטיקן טרענירן די מוסקולן, אנטוויקלען די קרעפטן, דורך ברייטן און ריכ־טיקן באנוצן לופט, וואסער און זון פארשטארקן זייער ווידערשטאנד־פייִקייט קעגן קאַלערליי קראנקייטן.

די זעלביקע צוועקן דארפן האָבן אויך די ספּאָרט־פארוויילונגען, דאָס שווימען און שיפן זיך זומער און דאָס שליטלען און גליטשן זיך ווינטער, וואָס דארפ ברייט פארשפרייט ווערן און ווי געהעריק אָרגאַ־ניזירט ווערן סיי דורך די קינדער־אנשטאלטן סיי דורך די הויז־פאר־וואלטונגען, פראָפאריינען, קלובן און אנדערע. די פארקן פאר קולטור און אָפרו, די סטאדיאָנען, פּליאזשן, באסיינען, גליטש־פלעצער אא. דארפן באשטימטע שאָען פון טאָג זיין אינגאנצן אָפגעגעבן פאר די קינדער. מע דארפ אָבער זען צו אָרגאניזירן און אויסטיילן אויך באַ־זונדערע פארקן און פלעצער, אויסשליסלעך פאר קינדער.

לערנען און געוויינען די קינדער באָדן זיך און שווימען, שיפן זיך,

פֿאָרן אַפֿ אַ שליטל איז איינע פֿונ די וויכטיקסטע אויפֿגאַבנ פֿונ די לע־רער פֿונ פֿיזקולטור אינ שול, פֿונ דער דערציִערנ אינעם קינדערגאָרטנ.

די קינדער דאַרפֿנ דערצו צוגעגרייט, צוגעוווינט ווערנ. מע מוז זיי פֿאַראינטערעסירנ, אַריינציִענ אינ קרײַז פֿונ די דאָזיקע אַלע פֿיזישע מיטלענ, וואָס גרייטנדיק די קינדער צו אַרבעט אונ זעלבשוץ, פֿאַרשאַפֿנ זיי איינציִיטיק אַ סאַך פֿרייד אונ פֿאַרגעניגנ אונ אַנ עמעסנ אָפּרו פֿאַר דער נערוונ־סיסטעם.

מע דאַרפֿ שטאַרק אַנטוויקלענ צווישנ די קינדער דעם טוריזמ, דאָס וואַנדערוועג אינ נאָענטע אונ ווײַטע ערטער, מע דאַרפֿ אָפֿט אָר־גאַניזירנ עקסקורסיעס מיט באַשטימטע געזונט־מאַכנדיקע אָדער וויסנ־שאַפֿטלעכ־פֿאָרשערישע צוועקנ.

אינ די פֿאָרשול־יאָרנ אונ אינ די יִינגסטע שול־גרופּנ (ערשטע שטופֿע) דאַרפֿ מענ זיכ באַגרענעצנ מיט אָפֿטע נאָענטע שפּאַציר־גאַנגענ צופֿוס אונ זעלטענע רײַזעס אַפֿ אַ דאַמפֿער.

גוט אָרגאַניזירטע שפּאַציר־גאַנגענ מונטערנ אויפֿ, פֿרישנ אָפֿ די קינדער, גיבנ זיי נײַע אײַנדרוקנ, באַקענענ זיי מיט דער אַרומיקער געגנט אונ נאַטור, מיט דער באַפֿעלקערונג, מיטנ לעבנשטייגער אונ מיט דער אַרבעט פֿונ דער באַפֿעלקערונג.

טוריזמ אונ עקסקורסיעס קאָנענ אונ דאַרפֿנ נאָכ מער פֿאַר־שפּרייט ווערנ צווישנ די עלטערע שול־קינדער, אָבער שטענדיק מיז דאָס ווערנ ווי געהעריק אָרגאַניזירט. זיי מוזנ פֿאַרנעמענ אַ גרויסנ אונ וויכטיקנ אָרט אינ דער אויסערשול־אַרבעט.

מיט די אַלע אויסגערעכנטע געביטנ פֿונ פֿיזישער דערציִונג אינ־טערעסירנ זיכ שטאַרק די פּאַרטיי אונ רעגירונג. די צענטראַלע אָרגאַנענ באַטראַכטנ אָפֿט פֿיזקולטור־פּראָגנ, ספּעציעל פֿאַרנעמט זיכ דערמיט דער העכסטער ראַט פֿאַר פֿיזקולטור, וועלכער פֿירט אָנ מיט די דאָזיקע איניִאָנימ, ער אַרבעט אויס צוזאַמענ מיט די צענטראַלע וויסנשאַפֿט־לעכע אינסטיטוטנ די סיסטעמענ פֿונ פֿיזישע איבונגענ אונ פֿיזישער דערציִונג ביכלאַל, די פּראָגראַמענ אונ נאָרמעס פֿאַר פֿאַרשיידענעמ עלטער אונ די געניויע קלאָלימ וועגנ פּראַקטיש דורכפֿירנ זיי אינ לעבנ.

די וויכטיקסטע פּרינציפּנ זײַנענ די פֿאָלגנדיקע:

1) רעכענענ זיכ שטענדיק מיטנ עלטער אונ געזונט־צושטאַנד פֿונ־נעמ קינד.

2) זיכערנ די נייטיקע סאניטאר־היגיענישע באדינגונגענ און די פארהיטונג־מיטלענ קעגנ די אָנשטעקנדיקע קראנקייטנ.

3) אָפּהיטנ די נאָרמעס פונ ארבעט און רו.

האָס זיינענ אלצ זייער וויכטיקע פונקטנ, וועלכע ווערנ אָבער ניט שטענדיק דורכגעפירט אינ לעבנ. אזוי, אז די מאָסמיטלענ, וועלכע דארפנ אונדזערע קינדער ברענגענ געזונט און פרייד, קאָנענ אינ געוויסע פאלנ * האָבנ א פארקערטע ווירקונג: זיי קאָנענ ברענגענ שאָדנ און פארדראָס.

לאָמיר קאָנקרעט באהאנדלענ די איינצלנע פונקטנ.

## עלטער און געזונט־צושטאנד

עס איז גאנצ פארשטענדלעכ פאר יעדנ איינציקנ, אז יענע פיזישע אָנלאָדונגענ, וועלכע ווערנ געגעבנ א שול־קינד פונ 10—11 יאָר זיינענ ניט פאר די קויכעס פונעמ 4—5 יאָריקנ פאָרשול־קינד און אז דעמ שילער פונ 14—15 יאָר זיינענ צוטריטלעכ און נוצלעכ פיל גרעסערע אָנלאָדונגענ. יעדער עלטער האָט זיינע אינטערעסנ, זיינע קויכעס און מעגלעכקייטנ.

דעריבער זיינענ איינגעפירט געוואָרנ פאר יעדנ עלטער באזונדערע נאָרמעס און גרענעצנ, וועלכע מע טאָר ניט אריבערגיינ. אויב מיר וועלנ א יינגערנ שילער לאָזנ שפּילנ אינ פוטבאָל אָדער גיינ אָפט צו פוס גרויסע שטרעקעס, וועט עס געוויס אימ ניט דורכגיינ בעשאָלעמ.

שול־קינדער מיט באשטימטע קראנקייטנ אָדער בא אנ אָפּגעשוואכטנ געזונט נייטיקנ זיכ אינ ספּעציעלע לייכטערע אָדער קירצערע פיזישע איבונגענ אָדער אינ געוויסע פאלנ אפילע אינ צייטווייליקער באפרייונג פונ פיזישע איבונגענ ביכלאל, שטענדיק לויט דער אָנווייזונג פונעמ דאָקטער. לעמאָשל: בא יעדער אָפּשוואכונג נאָכ א קראנקייט, בא א שטארקער בלוט־אָרעמקייט און אויסגעמאָגערטקייט, בא א שווערער פאָרמ פונ טובערקוליאָז־פארגיפטונג, בא א הארצ־פעלער און אנדערע ערנסטע הארצ־קראנקייטנ, בא אָפּגעשוואכטע בויכ־ווענטלעכ, בא ארויספאלונג פונ דער גלייכער קישקע, בא א קילע, בא נאָכ ניט־פארהיילטע

* בא ניט גענוגנדיקער צוגערייטקייט און באכלעסיקייט פונ די אָרגאניזאטערס.

ווערנ, בא א שארפער פארם פונ גערוונ־קראנקײט, בא שווערע קראנ־
קײטנ פונ ביינ־ אונ מוסקל־אפאראט, וועלכע פארשווערנ די באוועגונג —
מוזנ די קינדער זיך געפינענ אונטער שטענדיקער אויפזיכט פונ דאקטער.

## סאניטאר־היגיענישע באדינגונגענ אונ פארהיטונג פונ אנשטעקונג

יעדע לעקציע, יעדע ארבעט אונ ביפראט די פיזקולטור־איבונגענ מוזנ פארקומענ בא א מאקסימאלנ לופט־צוטריט. אונדזער אידעאל איז — ארויסטראגנ די גאנצע דערציִערישע ארבעט מיט קינדער, אלע לימודים אונ פארווײלונגענ אפ דער פרײער לופט. אויב אבער בא הײנטיקנ טאג איז עס נאך אינ דער פולער מאס ניט מעגלעך דורכצופירנ אינ לעבנ, קאנענ שוינ א גרויסער טייל פארשול־ארבעט, אייניצל־נע לימודים אינ שול אונ דאסראוו פיזקולטור־איבונגענ בא באשטימטע באדינגונגענ ארויסגעטראגנ ווערנ אפנ שול־הויפ, אפנ גרינעמ פלאצ, אפנ טײך, אפנ שניי־בערגל, אפנ גליטש, שוינ ניט רײדנדיק וועגנ די זומער־קאלאניעס אונ פיאנער־לאגערנ, ווו אינ די צימערנ קאנ מענ אונ מע דארפ זײנ (בא גינסטיקע וועטערנ) בלויז אפ צומ שלאפנ. קומט אבער אויס די שפילערײענ אדער פיזקולטור־לעקציעס דורכצופירנ אינ דער געבײדע (וואס אינ דער ווארעמער צײט פונ יאר איז עס דערלאזבאר נאר אינ אויסנאמ־פאלנ), מוז מענ שטענדיק געדענקענ, אז ביים די באוועגונגענ אונ איבונגענ, ווי בא יעדער אנדער שטארקער אנשטרענגונג אונ ארבעט, אטעמט מענ פיל מער אונ שטארקער אונ מענ פארברויכט א סאך מער לופט ווי געוויינלעך.

אויב בכלל מוז דאס לופטערנ די צימערנ אינ קינדערגארטנ אונ אינ שול א סאך העכער אוועקגעשטעלט ווערנ, ווי אינ די וווינונגענ (דא געפינט זיך דאך א גרויסע צאל קינדער א סאך שאענ), מוז מענ דערופ א באזונדערס גרויסנ אכט לייגנ, ביים דער ארבעט אינ וואר־שטאט, ביים די באוועגלעכע שפילנ אונ פיזקולטור־איבונגענ.

דער צימער, ווו די שפילנ אדער איבונגענ קומענ פאר, דארפ זײנ געראמ, פולקומ פרײ, גרינטלעך אויסגערייניקט אונ אויסגעלופטערט.

ביים די באוועגלעכע שפילנ, באזונדערס ביים די פיזקולטור־איבונ־גענ, מוזנ די פענצטער אומבאדינגט זײנ אפנ, לעכאלאפאכעס די פארטקעס.

אויב מע זאָל די דאָזיקע באַדינגונגען ניט אָפּהיטן, אויב לעמאַשל עס זאָל אויסקומען דורכפירן די פיזקולטור־איבונגען אין ניט געלופטערטע צימערן אָדער בײַ פאַרמאַכטע פענצטער, וועט עס זיכער ברענגען שאָדן דעם געזונט פון די קינדער, און מע מוז עס לאַכלוטן אויסמײַדן.

דאָס גלײַכן, פאַרשטייט זיך, דאַרף געזאָרגט ווערן פאַר שטענדיקער גוטער לופט אין די שול־קלאַסן.

לעצטנס ווערן אײַנגעפירט אין די שולן פיזקולט־מינוטן — אינמיטן לערנען, אין קלאַס גופא — כּדי צו באַקעמפן די שלעכטע פאָלגן פון לאַנגערן זיצן אַף איין אָרט, פאַרבעסערן דאָס אָטעמען און די בלוט־צירקולאַציע, פאַרשטאַרקן די אויפמערקזאַמקייט א״א.

די דאָזיקע איבונגען דויערן סך־הכּל אַנדערהאַלבן מינוט און זײַנען זייער לײַכט און פּאַשעט.

מע דאַרף אָבער וויסן און געדענקען, אַז די פיזקולט־מינוט קאָן דערלאָזט ווערן נאָר אין א גוט דורכגעלופטערטן קלאַסן־צימער, אָדער בײַ אַן אָפענעם פענצטער אָדער פאָרטקע.

ביים די פיזקולטור־איבונגען דאַרפן די קינדער ניט זײַן וואַרעם אָנגעטאָן, כּדי ניט צו שוויצן ביים די איבונגען. עס איז זייער געוווּנטשן, אַז אַלע שילער זאָלן ביים די פיזקולטור־איבונגען טראָגן גימנאַסטישע פאַנטאָפל: עס איז לײַכטער און געזינטער.

אין אייניקע נײַע קינדערגערטנער און שולן זײַנען שוין אײַנגעאָרדנט דושן, וווּ נאָך באַשטימטע איבונגען וואַשן זיך די קינדער אָפּ.

ביים די זון־ און לופטוואַנעס און וואַסער־פּראָצעדורן דאַרף מען אָפּהיטן א גאַנצע ריי כּלאָלים, וועלכע מיר האָבן שוין טיילווײַז אָנגעוויזן.

זייער פאָרזיכטיק דאַרף מען זײַן מיט דער זון אין די הייסע טעג. אינדערפרי און פאַרנאַכט קאָן מען פרײַ אַרומגיין אָן א היטל און טיכל. ביים דער הייסטער צײַט (בעערעך פון 10 ביז 4) מוז מען אָבער צודעקן דעם קאָפּ. באַזונדערס דאַרף מען עס אָפּהיטן בײַ א לענגערן שפּאַציר־גאַנג.

כּדי די קינדער זאָלן זיך ניט איבערמידן און איבערהיצן, וואָס דאָס קאָן ברענגען צו שלעכטע רעזולטאַטן, איז געוווּנטשן אָנצוהייבן אַלע ווײַטע שפּאַציר־גאַנגען (פאַרשטייט זיך, מיט עלטערע קינדער) גאַנץ פרי, און דעם אָפּרו (אין שאָטן) דורכפירן אין דער הייסטער צײַט.

יעדער וויַטער שפּאַציר־גאַנג און אַרויספאָר הינטערן שטאָט, יעדע עקסקורסיע און רייַזע אַפ אַ טאָג אָדער מער דאַרפ ווי געהעריק אָרגאַניזירט ווערן. מע דאַרפ אומבאַדינגט זען, עס זאָל אָפּגעהיט ווערן די ריינלעכקייַט (מיטנעמען זייפ, אַ האַנטעכ, צאָנפּולווער און בערשטל) און דאָס נאָרמאַלע עסן. אויב אַפן וועג איז ניטאָ ווו צו באַקומען קיין שפּייַז, מוז מען אומבאַדינגט מיטנעמען. דערבייַ דאַרפ גענומען ווערן אין אַכט, אַז, בשעת גיין אַ לענגערע צייַט, פאַרברויכן די קינדער מער ענערגיע און נייטיקן זיכ דעריבער אין אַ גרעסערן סכום און אין בעסערער דערנערונג. זומער־צייַט דאַרפ מען זיכ פאַרויס באַזאָרגן מיט אַן אָרט, ווו צו שיצן זיכ אין פאַל פון אַ רעגן. ווינטער דאַרפ מען ליגן אַכט, אַז די קינדער זאָלן זייַן גענוג וואַרעם אָנגעטאָן. אָבער אויכ זומער האָבן די קינדער מיטנעמען אַן איבערשטן בעגעד אַפן פאַל פון אַ רעגן, קאַלטע פרימאָרגנס און אָוונטן.

באַם אָרגאַניזירן דעם שפּאַציר־גאַנג אָדער די רייַזע דאַרפ מען גענוי וויסן, צי זייַנען ניט פאַראַן קיין אָנשטעקנדיקע קראַנקע צווישן די קינדער גופע און צווישן דער באַפעלקערונג פונעם אָרט, וווּהין מע קלייַבט זיכ גיין אָדער פאָרן. פאַר יעדן וויַטן שפּאַציר־גאַנג אָדער עקסקורסיע דאַרפן די קינדער דורכגיין אַ מעדיציניש אונטערזוכונג. בוץ די שוואַכע אָדער כראָניש קראַנקע קינדער, וועלכע דאַרפן ניט אָנטייל־נעמען אין וויַטע פאַרמאַטערנדיקע שפּאַציר־גאַנגען און עקסקורסיעס ווערן בעשומויפן ניט דערלאָזן קינדער, וועלכע פילן זיכ שלעכט, האָבן קאַפּווייטעק, אַ ביסל היץ, אַ שוואַכן מאָגן אָדער רופן אַרויס אַ חשד, עס איז כשאַד אָפּ אַן אָנשטעקנדיקער קראַנקייַט.

## אָפּהיטן די נאָרמע פון אַרבעט און רו

יעדן שפּאַציר־גאַנג און אַרויספאָר, באַזונדערס אַפ וויַטע שטרעקעס, מוז מען ווי געהעריק אָרגאַניזירן. אין די וויַטע עקסקורסיעס, באַזונדערס צופוס, דאַרפן אָנטייל־נעמען נאָר עלטערע קינדער, ניט ווייניקער פון 12—13 יאָר. באַם גיין צופוס דאַרפ מען זיכ שטענדיק צופאַסן צו די יינגערע, לאַנגזאַמערע גייער. מע טאָר ניט דערלאָזן, אַז די קינדער זאָלן אַפן וועג פאַרמאַטערט ווערן דורך גיכן גיין, שטאַרקן אַרומלויפן, קלעטערן, שטייפן, צו לאַנגן שיפן זיכ אַרום. באַם אויבאַר־

בעטנ דעמ גענויעמ פלאנ, דארפ מענ אָנמערקנ די ערטער, ווו מע וועט זיכ אָפּשטעלנ אפ אָפּרו. מע מוז זיכ באוואָרענענ מיט א געהעריקנ נאכט־לאגער, וועלכער זאָל באפרידיקנ די עלעמענטארע סאניטאר־היגיִענישע באדינגונגענ (גערַאמע ריינע צימערנ אָנ וואנצנ, פליי אונ לייז, באזונדערע בעטנ אונ ריינע בעטגעוואנט) אונ געבנ א מעגלעכקייט נאָרמאל זיכ אויסשלאָפנ. מע טאָר בעשומויפנ ניט דערלויבנ נעכטיקנ אונטערנ פרייענ הימל, שלאָפנ אפנ גראָז, אפ דער הוילער ערד, אָדער אפילע אפ דער פאָדלאָגע.

דערקלערנדיק די וויכטיקסטע פרינציפנ, בא וועלכע מע מוז זיכ האלטנ באמ דורכפירנ די פיזישע דערציִונג, האָבנ מיר געבראכט נאָר אייניקע בײשפילנ, וועלכע דערווייזנ די נייטיקייט אונ וויכטיקייט פינקטלעכ איוסצופילנ די דאָזיקע קלאָלימ.

קעדיי די פיזישע דערציִונג זאָל ניט ברענגענ קיינ שאָדנ, קעדיי מע זאָל זי ווי געהעריק דורכפירנ, איז אומבאדינגט נייטיק דער שטענדיקער אונ ענגער קאָנטאקט פונ די פאָרשול־דערציִער, פונ די פיזקול־טור־לערער מיטנ דאָקטער פונעמ אנשטאלט. צוזאמענ מיט אימ דארפנ די פארשיידענע מינימ שפילנ, מאכשירימ, איבונגענ, זונ־,לופט־אונ וואסער־פראָצעדורנ צוגעפאסט ווערנ צו יעדנ עלטער. דער דאָקטער וויס דעמ געזונט־צושטאנד פונ די קינדער אונ איז מער באהאוונט אינ באשטימענ ווער פונ זיי דארפ אונ מעג אָנטיילנעמענ אינ די אָדער יענע פיזישע איבונגענ, אינעמ שפאציר־גאנג אונ עקסקורסיע, ווער פונ זיי דארפ באפרייט ווערנ פונ זונוואנעס אאוו.

צוזאמענ מיטנ דאָקטער אונ מיט זיינ הָעסקעמ דארפ אויסגעוויילט ווערנ דער שפיל־פלאצ, דאָס אָרט פאר די זונוואנעס, פארנ שנייבערגל, פארנ גליטש. נאָר מיט זיינ העסקעמ קאָנ באשטימט ווערנ דער צימער פאר די פיזקולטור־איבונגענ, דאָס אָרט אונ די צייט פאר די פארשיידנסטע נאָענטע אונ ווייטע שפאציר־גאנגענ אונ רייזעס. צוזאמענ מיטנ דאָקטער דארפ אויסגעארבעט ווערנ דער פלאנ פונ יעדער איינצלנער גרעסערער אונטערנעמונג אונ איר גענויער רעזשימ. נאָר באמ אקטיוונ אָנטייל פונעמ דאָקטער אינ דער פיזישער דערציִונג פונ די קינדער קאָנ געזיכערט ווערנ די פולע צוועקמעסיקייט אונ דער דערפאָלג פונ די דאָזיקע מאָסמיטלענ.

# II. היגיִענישע דערציִונג

אינ ענגער פארבינדונג מיט דער פיזישער דערציִונג אונ אירע געזונט־מאכנדיקע אופגאבנ שטייט די פראגע וועגנ דער היגיִענישער דערציִונג פונ די קינדער. פאר די לערנ־דערציִערישע אנשטאלטנ, פאר די לערער, דאָקטוירימ אונ עלטערנ שטייט די אופגאבע: איינוואָרצלענ אינ יונגנ דאָר א גאנצע ריי היגיִענישע געוווינהייטנ, וועלכע זיינענ אומבאדינגט נייטיק פאר א קולטורעלנ לעבנ פונעמ יאָחיד אונ קאָלעקטיוו, געוווינהייטנ, אָנ וועלכע עס קאָנ קיינ רייד ניט זיינ וועגנ א דערפאָלגרייכנ קאמפ קעגנ קראנקייטנ.

די לאנגע יאָרנ פונ רויבערישנ אויסנוצנ אונ פארקנעכטנ די ארבעטנדיקע באפעלקערונג אינ שטאָט אונ אינ דאָרפ פונעמ צארישנ רוסלאנד, די אכזאָריעסדיקע ארבעט־באדינגונגענ אונ לעבנשטייגער פונ דער דערוואקסענער אונ קינדערשער באפעלקערונג אינ יענע פינצטערע צייטנ האָבנ אונדז איבערגעלאָזנ בעיערושע אָפּגעשטאנענקייט, אמעראצעס אונ קולטורלאָזיקייט, אָפּגעלאָזנקייט אונ העפקיירעס, אומריינקייט, שיכרעס אונ ווענערישע קראנקייטנ.

אינעמ פראָצעס פונ דער גראנדיִעזער סאָציִאליסטישער בויונג שאפנ זיכ נייע געזונטע אונ קולטורעלע באדינגונגענ פונ ארבעט אונ לעבנשטייגער פאר דעמ ארבעטער־קלאס אונ פאר דעמ קאָלווירטישנ פויערטומ.

גלייכצייטיק דערמיט קומט אויכ פאָר דער איבערבוי פונעמ מענטשנ־מאטעריאל, אונ עס מוזנ אויסגעוואָרצלט אונ אויסגעמעקט ווערנ אלע נאָכ פארבליבענע אלטפרענקישע, אומקולטורעלע געוווינהייטנ, וועלכע שאטנ דעמ געזונט, פארקלענערנ די ארבעטפייִקייט פונעמ איינצלנעמ מענטשנ אונ די בוי־מעגלעכקייטנ פונ גאנצנ לאנד.

מיט דער גרעסטער אקשאַנעס דאַרף מען אויסוואָרצלען די נאָך פאַר־בליבענע אומפאַראַנטוואָרטלעכע באַציִונג און נאַכלעסיקייט צו די פראַגן פון לעבנשטייגער, צו די סאַניטאַר־היגיִענישע פאָדערונגען, צום פאָלקס־געזונט, צום געזונט פון די קינדער־מאַסן.

אײַנפלאַנצן אין לעבן פון די קינדער די קולטורעלע געוווינהייטן קאָן מען אָבער ניט מיט בלויזע דראָשעס און רעדעס, נאָר דעריקער מיטן איי־גענעם בײַשפּיל מיט מוסטערהאַפטע מעשׂים, מיטן ליקווידירן אין דער אייגענער סוויווע די יערושע פון אונדזער קנעכטשאַפט. ליידער זיינדיקן נאָך אָבער אַפ דעם דאָזיקן געביט ניט ווייניק דערציִער און לערער, אויס־געהאַלטענע אופירונג איז נאָך ניט שטענדיק די אייגנשאַפט אפילע פון אונדזער שלאָגלער, פונעם געזעלשאַפטלעכן אַקטיוויסט.

די קינדער־אַנשטאַלטן דאַרפן אין דער דאָזיקער הינזיכט שפּילן די גרעסטע ראָליע. א מוסטערהאַפטע אָרדענונג אין קינדערגאָרטן, אין שול איז דערבײַ איינער פון די וויכטיקסטע פאַקטאָרן, וואָס דערציִען און דערציִען איבער די קינדער און זייערע עלטערן. די היגיִענישע עלע־מענטן מוזן דורכנעמען די גאַנצע אַרבעט, דאָס גאַנצע לעבן פון קינדער־אַנשטאַלט. די לערער און די דערציִער דאַרפן זיך גרייטן צו די דאָזיקע פראַגן, פאַרטיפן זיך אין זיי, ניט פאַרגעסנדיק, אז עס איז אַן אָרגאַני־שער טייל פון דער קאָמוניסטישער קינדער־דערציִונג. די דאַקטוירים פון די קינדער־אַנשטאַלטן צוזאַמען מיט די דערציִער און לערער, מיטן על־טערן־אַקטיוו און דער גאַנצער אַרבעטער־געזעלשאַפטלעכקייט מוזן פירן א קעסיידערדיקע אַקשאַנעסדיקע אַרבעט פאַר דער היגיִעניזירונג פון אונדזער לעבן אין דער היים, פאַרן אופהייבן די קולטור־מאַדרייגע, פאַרן אַניאָגן און אַריבעריאָגן אויך אַפן דאָזיקן געביט די קאַפּיטאַ־ליסטישע לענדער.

פון די יינגסטע יאָרן אָן דאַרף זיך אָנהייבן די היגיִענישע דערציִונג פונעם קינד. אייגענער בײַשפּיל, אָפטע אָטוויזוונגען שאַפן גוטע געוויי־הייטן, וועלכע וואַקסן און פאַרפעסטיקן זיך פון יאָר צו יאָר.

דאָס אײַנפּלאַנצן די היגיִענישע געוווינהײַטן פאַרנעמט זייער א גרויסן אָרט אינעם קינדער־גאָרטן, וו דאָס גייט אַרײַן אלס איינער פון די וויכטיקסטע טיילן פון דער דערציִערישער פּראָגראַם.

אָבער אויך אין דער שול מוזן די לערער אָפּגעבן א באַשטימטע צײַט אַפ אופקלערן און באַהאַנדלען די פאַרשיידנסטע פראַגן פון געזונט־פאַר־

היטונג, פאַרבינדנדיק דאָס מיט אַנדערע פראַגן — באַם דורכגיין די פאַרשיידנסטע געגנשטאַנדן.

די לערער צוזאַמען מיט די קינדער קאָנטראָלירן די סאַניטאַר־היגיִע־נישע דיסציפּלינירטקייט פון די קינדער (קערפּער־ריינקייט אאַז.), נעמען אָנ מיטלען קעגן די בייזוויליקע אומצוכטן, פאַרבינדן זיך מיט די על־טערן פון די דאָזיקע קינדער.

פאַרשטייט זיך, אַז אַ גרויסן ביילעק אין אָנפירן מיט דער דאָזיקער אַרבעט נעמט אָפּ זיך דער דאָקטער פון דער שול, וועלכער העלפט די לע־רער פאַנאַנדערצוקלייבן זיך אין די אַלע פראַגן—אָפּט גאַנץ קאָמפּלי־צירטע — פון געזונט־פאַרהיטונג.

די דאָזיקע סאַניטאַר־היגיִענישע קולטור־אַרבעט דאַרף ברייט געפירט ווערן צווישן דער גאַנצער עלטערן־מאַסע סײַ מיצאַד די לערער סײַ מי־צאַד דעם דאָקטער.

פאַרלעזונגען, שמועסן, באַזוכן פון אויסשטעלונגען אאַז. העלפן מיט אויפצוקלערן די עלטערן, פאַרגרעסערן זייער באַוווּסטזיניקע באַציִונג צו די דאָזיקע פראַגן און ווירקן, אַז די היגיִענישע אויפירונג אין דער היים זאָל זיך פאַרבעסערן. אַ באַדײַטנדיקן אָנטייל נעמט דערבײַ דער מיטהילפ־ראַט פון די עלטערן. מיטן צוציִען די קינדער צו דעם קאָנטראָל איבער די סאַניטאַר־היגיִענישע באַדינגונגען פון דעם אַנשטאַלט, איבער דער אויפירונג פון די קינדער שאַפן מיר די נייטיקע געזעלשאַפטלעכע מיי־נונג, וועלכע העלפט מיט אויסוואָרצלען די שלעכטע געוווינהײַטן און אײַנפלאַנצן אַ באַוווּסטזיניקע דיסציפּלין.

די דאָזיקע אַרבעט מוז געפירט ווערן אין אַ ענגן קאָנטאַקט מיטן שילער־ראַט און מיט דער פּיאָנער־אָרגאַניזאַציע, וועלכע העלפן אָרגאַ־ניזירן די קינדער־מאַסן.

אין די באַשלוסן פונעם ראַטפאַרבאַנד, פאַרבאַנד און פאָלקאָמגענע־זונט ווערט שטאַרק באַטאָנט די נייטיקייט און וויכטיקייט פון דער סאַניטאַר־היגיִענישער קולטור־אַרבעט, וועלכע שפּילט אַ גרויסע ראָליע אינעם קאַמף מיט די אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן.

מע מוז אָבער אַכטונג געבן, אַז די דאָזיקע אַרבעט זאָל געפירט ווערן אַקשאָנעסדיק, קעסיידער, טאָגטעגלעך — נאָר דאַן וועט זי געבן די געוווּנטשענע רעזולטאַטן.

עס טאָר אָבער ניט זײַן בלויז קיין „מויל־אַרבעט", וועלכע באַ־

גרענעצט זיך מיט געבן אָנווייזונגען און באַפעלן. דאָס קעסיידער־דיקע קאָנטראָלירן די היגיִענישע אָפּירונג, דאָס אָרגאַניזירן די קינ־דער־מאַסן גופא ארום די דאָזיקע פראַגן, די ענגע פארבינדונג מיט דער עלטערן־מאַסע — דאָס אַלץ גאַראַנטירט אַן סאַפעק דעם געהע־ריקן דערפאָלג.

מיר וועלן דאָ אויסרעכענען די ווייכטיקסטע היגיִענישע געוווינ־הייטן, וועלכע די קינדער פון פאַרשולע און שול־עלטער דאַרפן באַקומען.

ריינקייט פון קערפּער, פון די וועש און בעגאָדים. אונדזער הויט פילט אויס זייער א גרויסע און ווייכטיקע ארבעט. זי אָטעמט, שיידט אויס מיטן שווייס פאַרשיידענע שעדלעכע שטאָפן און וואַ־סער־דאַמפּ. רעגולירנדיק די ווארעמקייט פונעם קערפּער, העלפט מיט די הויט אים אָפּקילן, שיצט אים קעגן אויסווייניקסטער קעלט און קעגן אַריינדרינגען פון פאַרשיידענע מיקראָבן. אַן אומריינע הויט איז ניט בעקויעך אויסצופילן די דאָזיקע אויפגאַבע ווי עס געהער צו זײַן.

דאָס קינד מוז:

1. באַם אויפשטיין און לייגן זיך שלאָפן גרינטלעך זיך אָפּוואַשן מיט זייף ביזן גאַרטל (די הענט, דאָס פּאָנעם, האַלדז, נאָז און אויערן, אונטער די אָרעמס אאַ.), באַנוצנדיק דערביי א באַזונדערן פאַר זיך האַנטעך און זייף.

2. פאַרן שלאָפן אַלע טאָג וואַשן די פיס.

3. פאַרן שלאָפן פּוצן די ציינער מיטן אייגענעם צאָן־בערשטל און פּולווער, נאָך יעדן עסן גוט אויסשווענקען דאָס מויל.

4. גיין קורץ געשאָרן די האָר. אָפט שערן די נעגל פון די הענט און פון די פיס.

5. ניט זעלטענער פון איין מאָל אין 6 טעג וואַשן דעם גאַנצן קערפּער מיט ווארעמען וואַסער און מיט זייף (אין באָד אָדער אין דער היים), דערביי דאַרף מען בייטן די אונטערשטע וועש.

6. בייטן די בעטוועש ניט זעלטענער ווי 3 מאָל אין כוידעש.

7. האָבן בא זיך שטענדיק א ריינעם נאָזטיכל און האַלטן ריין די נאָז.

8. ניט דערלאָזן קיינע פּאַראַזיטן (לייז, פליי, וואַנצן) אַפן קער־פּער, אַף די וועש און בעגאָדים, אַפן וואַנט און אין בעט.

9. אַלע טאָג פוצנ דעמ מאנטל, די שיכ אונ קאַלאָשנ (ניט אינ צימער).

10. ניט זעלטענער ווי איינ מאָל אינ זעקס טעג גוט אויסקלאַפּנ די בעגאָדימ.

דאָס עסנ. 1. וואַשנ די הענט (מיט זייפ) פאַר יעדנ עסנ.

2. עסנ זיצנדיק, ניט געײַלט, גוט צעקײַענ, דערבײַ ניט ריידנ, ניט לייענענ.

3. עסנ אונ טרינקענ פונ א באַזונדערער קיילע. ניט פאַרזוכנ קיינ שום זאַכ, וועלכע א צווייטער האָט געהאַלטנ אינ מויל.

4. רויע גרינס אונ פרוכט אויסוואַשנ פאַרנ עסנ.

5. נאָכ יעדנ עסנ שווענקענ דאָס מויל.

6. ניט באַנוצנ צומ טרינקענ קיינ רויע וואַסער אכוץ וואַסער פונ וואַסער-לייטונג אונ פונ אַרטעזיאַנישנ ברונעמ, ניט טרינקענ ביכלאַל קיינ סאַכ וואַסער אָדער טיי.* באַנוצט מענ צומ וואַסער-טרינקענ אַנ אַלגעמיינע קענדל, דאַרפ מענ עס אפריער גרינטלעכ אויסשווענקענ.

7. ניט עסנ אונ ניט טרינקענ קיינ צו הייסע אָדער צו קאַלטע שפּײַז אָדער וואַסער. דערהיצטערהייט, פאַרשוויצט — ניט טרינקענ קיינ קאַלט וואַסער.

8. ניט עסנ אונ ניט טרינקענ האַרט פאַרנ שלאָפ.

9. ניט טרינקענ (ניט פאַרזוכנ!) קיינ בראַנפנ אונ קיינ ביר.

אַרבעט-היגיענע. 1. ניט איבערמאַטערנ זיכ בא דער אַרבעט: ווערט מענ מיד פונ לייענענ, שרײַבנ, אַרבעטנ אינ שול-וואַרשטאַט אָדער אינ דער היימ — מוז מענ די אַרבעט א ווײַלע אָפּלייגנ אונ גייג זיכ אָפּרוענ (גלײַכער אפּנ גאַס). נאָכנ זיצנ א לענגערע צײַט אפּ איינ אָרט — מאַכנ באַוועגונגענ.

2. באַמ לייענענ אונ שרײַבנ זיצנ ריכטיק, ניט אײַנבייגנ זיכ שטאַרק.

---

* וואַסער איז נייטיק אינעמ אָרגאַניזמ אַלס צעלאָזונג-מיטל. עס מוזנ געדעקט ווערנ די סכומענ וואַסער, וועלכע מיר אָטעמענ ארויס (וואַסער-דאַמפּ) אונ שיידנ ארויס מיטנ אורינ, שווייס, ארויסגאַנג אאַ. דאָס איבערמאָסיקע געברויכנ וואַסער שטרענגט צופיל אָנ דאָס האַרצ אונ פאַרוואַסערט דאָס בלוט. באַשטימטע געלערנטע האַלטנ אפילע, אז דאָס באַנוצנ א סאַכ פליסיקײַט פאַרגרעסערט בא קינדער די נייגונג צו קראַנקײַטנ.

3. ניט לייענען און שרײַבן בא א שלעכטער באלײַכטונג אָדער ליגנדיקערהייט. באַם שרײַבן זען, אַז די שײַן זאָל אויסקומען פון לינקס.

דער שלאָפן. 1. פארן שלאָפן אויסלופטערן גוט דעם צימער. אין דער ווארעמער צײַט שלאָפן בא אן אָפענעם פענצטער, ווינטער־צײַט — לעבאָלאַפּאָכעס בא א טײלוויַיז אָפענער פאָרטקע.

2. פארן שלאָפן גיין — אויסטאָן זיך, אראָפּנעמען שיך און זאָקן. קיינמאָל זיך ניט לייגן אין די זאכן, ניט צודעקן זיך מיט זיי.

3. ניט איבערדעקן זיך איבערן קאָפּ, די הענט האלטן אפ דער קאָלדרע.

4. שלאָפן באזונדער, ניט לייגן זיך אין א צווייטנס בעט.

5. האלטן ריין די בעט און בעטגעוואנט.

7. נאָכן אופכאפּן זיך — טייקעף אופשטיין, ניט וואלגערן זיך אין בעט.

די נאטירלעכע באדערפענישן. 1. קיינמאָל ניט אײַנהאלטן זיך. אײַנגעווינען זיך האָבן דעם מאָגן שטענדיק פארן פרישטיק.

2. לאָזן די אורין און אויסליידיקן זיך נאָר אין אָפּטריט. נאָכן האָבן דעם מאָגן גוט אָפּווישן זיך מיט פּאפיר.

3. לאנג ניט זיצן אין אָפּטריט.

4. אינעם וואטערקלאָזעט שטענדיק נאָך דער באנוצונג אראָפּלאָזן דאָס וואסער און קיינמאָל ניטווארפן קיין זײַטיקע זאכן (שמאטעס, שפּײַז־רעשטלעך אא״וו).

5. ניט פארומרייניקן די פּאָדלאָגע און דאָס זיץ־ברעטל.

6. ניט זעצן זיך אפ א שמוציק ברעטל, אונטערלייגן פּאפיר, און ארויסגייענדיק פון אָפּטריט, גוט אָפּווישן די פיס און אָפּוואשן די הענט מיט זייף.

פיזקולטור. 1. זען שטענדיק אָטעמען מיט דער נאָז, ביפראט בא פיזישע איבונגען, שפּילן, באוועגונגען. געווינען זיך האלטן פארמאכט דאָס מויל, באזונדערס זײַענדיק אפן גאס און בייסן שלאָפן.

2. זען וואָס מער זײַן אפ דער פרײַער לופט, ארויסטראָגנדיק אהין יעדע מעגלעכע ארבעט.

3. אלע שפּילן און פיזישע איבונגען דורכפירן אפן הויף, אינעם פארק אא.

4. זען וואָס מער אויסנוצן די זומערדיקע און ווינטערדיקע ספּאָרט־

פארווײַלונגען, ווי באדנ זיכ, שווימען, גליטשנ זיכ, פארנ אפ ליר־זשעס, שליטלענ זיכ אא.

5. בא קאפשווינדל, קאפווייטעק און שוואכקײַט ניט מאכנ קיינע פיזישע איבונגענ, ניט אנטיילנעמענ אינ קיינ שום ספארט־פארווײַ־לונג — אנ דעמ העסקעמ פונעמ דאקטער.

6. זארגנ פאר דעמ, אז סײַ די וווינונג סײַ דער קינדערגארטנ און די שול, זאלנ שטענדיק זײַנ ריינ און גוט אויסגעלופטערט.

9. העלפנ פארהיטנ די גרינגע פלעצער, קעמפנ קעגנ די שעדיקער פונ גרינס אינ הויפ און אפנ גאס. אנטיילנעמענ אינ פלאנצנ ביימער אפנ הויפ.

קאמפ מיטנ שטויב. 1. ניט ארײַנטראגנ אינ דער וווינונג, אינ קינדערגארטנ און שול קיינ שמוצ. פארנ ארײַנגאנג גוט אפווישנ די שיכ און קאלאשנ, אויסטאנ די קאלאשנ און אויבערשטע בעגאדימ.

2. אינ דער וווינונג און אינ שול ניט אויספירנ קיינ שום ארבעט, בא וועלכער עס שאפט זיכ שטויב (רייניקנ בעגאדימ און אנד.).

3. דעמ טאוול (אינ שול) און אנדערע מעבל ווישנ נאר מיט א נאסנ טיכל אדער שוואמ.

4. באמ קערנ אויסשפריצנ דעמ צימער און דעמ הויפ מיט וואסער.

קאמפ קעגנ אנשטעקונג. 1. ניט הוסטנ און ניט ניסנ א צווייטנ אינ פאנעמ ארײַנ.

2. וועגנ יעדנ פאל פונ אנשטעקנדיקער קראנקײַט אינ דער היימ אדער בא א שאכנ מעלדנ אינ קינדערגארטנ אדער אינ שול.

3. פילנדיק זיכ ניט גוט (קאפ־ אדער האלדז־ווייטעק, העכערע טעמ־פעראטור אא.) ניט גיינ אינ שול, נאכ א קראנקײַט ניט גיינ אינ שול אנ דער דערלויבעניש פונעמ דאקטער.

4. ניט גיינ צו אנשטעקנדיקע קראנקע אהיימ;

5. פארניכטנ די פליגנ אינ דער היימ און אינ די קינדער־אנ־שטאלטנ. ניט האלטנ אפנ קיינ עסנווארג, ניט איבערלאזנ אפנ טיש און אפ דער ערד קיינע שפײַז־ברעקלעכ.

6. ניט שפילנ זיכ מיט שמוציקע קעצ און הינט.

דאס רייכערנ. איינע פונ די פארשפרייטסטע און שעדלעכע גע־וווינהײַטנ, מיט וועלכע די שול מוז באזונדערס שטארק און אקשאנעס־דיק קעמפנ, איז דאס רייכערנ.

טאבעק אנטהאלט אינ זיכ א שטארקנ סאמ — ניקאָטינ, וועלכער דרינגט אריינ מיטנ רויכ אינ די לונגענ, אינ בלוט.

עס טרעפנ אפילע אמאָל טויט־פאלנ סיי פונ אויסרייכערנ א סאכ פאפיראָסנ אונ ציגארנ סיי פונ נעכטיקנ אינ שטארק אָנגערייכערטע צימערנ.

רייכערער ליידנ דאָסראָו פונ כראָנישע הוסטענישנ, הייזעריקייט, האלדזווייטעק, אפעטיטלאָזיקייט, קאָפּשווינדל, הארצ־קלאפעניש אא. בעשאסנ רייכערנ ווירקט דער ניקאָטינ אינעמ ערשטנ מאָמענט -- ווי א גאנצע ריי אנדערע סאמענ, — דערמונטערנדיק אונ אָפּפרישנדיק.

אָט די דאָזיקע פאלשע אָפּפרישונג טרייבט צומ רייכערנ אונ מאכט שווער דאָס אָפּגעוווינענ זיכ פונ דעמ, עס פאטערט אָבער ביסלעכווייז דעמ געזונט ניט נאָר פונעמ רייכערער, נאָר אויכ פונ זיינע ארומיקע, וועלכע אָטעמענ קעסיידער ארייננ די פארייכערטע לופט.

אפ קינדער ווירקט דאָס רייכערנ פיל ערגער, ווי אפ דערוואקסענע.

די קינדער־אנשטאלטנ מוזנ פירנ אנ אנטשיידענעמ קאמפ מיט דער ניקאָטינ־פארגיפטונג.

די לערער אונ עלטערנ קאָנענ ווירקנ ניט אזוי מיט רייד, ווי דעריקער מיטנ אייגענעמ ביישפיל. פארקערט, די בעסטע אגיטאציע פארנ רייכערנ גיט די קינדער דער פאפיראָס אינ מויל פונעמ לערער אונ פאָטער...

דאָס רייכערנ מוז קוידעמקאָל פארווערט ווערנ אינ דער שול־געביידע, אפ אָונטנ אונ פארזאמלונגענ, ווו עס געפינענ זיכ קינדער, די פיאָנער־אָרגאניזאציע אונ דער קאָמיוג מוזנ פירנ א געזעלשאפטלעכע קאמפאניע קעגנ דער דאָזיקער שעדלעכער געוווינהייט.

---

# III. רעזשימ פונ ארבעט אונ אָפּרו

זייער א גרויסע ראָליע אינ לעבנ פונ קינד, ווי אויכ פונעמ דערוואקסענעמ, שפּילט די ריכטיקע פּארטיילונג פונ דער צײַט צווישנ ארבעט אונ אָפּרו.

פונעמ גענוגיקנ אונ ריכטיקנ אויסגענוצטנ אָפּרו הענגט אָפּ די קוואליטעט פנ דער ארבעט.

אויסהאָדעווענ פונ אונדזערע קינדער געזונטע, ארבעטפייִקע, דיסציפּלינירטע אונ פּראָדוקטיווע מענטשנ קאָנענ מיר נאָר דאנ, ווענ פונ די ערשטע לעבנ־יאָרנ אָנ געוווינענ מיר זיי אינ דער היימ אונ אינ די קינדעראנשטאלטנ ריכטיק, פּלאנמעסיק פּארטיילנ די צײַט, ניט איבערלאָדנדיק זיי איבער די קויכעס מיט ארבעט, גאראנטירנדיק זיי דעמ נייטיקנ — לויטנ עלטער — אָפּרו דורכ האפּסאָקעס אינמיטנ דער ארבעט, דורכ א גרינטלעכנ אָפּרו נאָכ דער ארבעט, דורכ א גענוגיקנ שלאָפּ, דורכ אָפּרו־טעג, דורכ די קאניקולנ.

וואָס ייִנגער דאָס קינד איז, אלצ מער אופמערקזאמקײַט דארפנ מיר אָפּגעבנ דער נאָרמירונג פונ זײַנ ארבעט, ריכטיק אָפּבײַטנ נאָכ דער ריי זײַנ ארבעט מיט אָפּרו.

דאָס פּאָרשול־קינד איז דאָסראָוו זייער אקטיוו אונ באוועגלעכ, עס ווערט אָבער גיכ מיד. אויב עס זאָל באצײַטנס ניט אָפּרוענ, ווערט עס איבערגעמאטערט אונ איבערמעסיק אופגערעגט, וואָס ברענגט א גרויסנ שאָדנ זײַנ געזונט.

אפּילע בייסנ שפּילנ אונ בא פיזישער ארבעט דארפנ מיר ניט אײַנגאנצנ פארלאָזנ זיכ אָפּ זײַנ אייגענעמ סייכל אונ ניט דערלאָזנ אימ דערגייִנ ביזנ איבערמידונג. א באזונדערנ אכט, פארשטייט זיכ, מוזנ מיר שטענדיק לייגנ אָפּ די ייִנגסטע אונ שוואכערע קינדער.

אײַנשטעלנדיק די טאָג־אָרדענונג אינעמ פּאָרשול־פּרימיטיוו, אינעמ קינדערגאָרטנ אָדער אָפּנ קינדער־פּלאצ, באדארפ מענ די אָרגאניזירטע

לימודים, וועלכע פאָדערנ א גרעסערע אָנשטרענגונג מיצאר די קינדער, באשטימענ טיילווײַז נאָכנ פרישטיק, טיילווײַז נאָכנ באטאָגיקנ אָפּרו. (אָדער שלאָפ), ווײַל אינ די דאָזיקע פעריאָדנ פונ טאָג זײַנענ די קינ־דער מער ארבעטספייִק. די שווערע, מער אָנגעשטרענגטע לימודים — אינדערפרי, די לײַכטערע—נאָכנ באטאָגיקנ אָפּרו.

אנ אָרגאניזירטע ארבעט דארפ געדויערנ ניט מער ווי 20—15 מינוט פאר דער יינגסטער גרופּע, 25—20 מינוט פאר דער מיטלער אונ 35—30 מינוט פאר דער עלטערער.

נאָכ ארבעטנ, בא וועלכע די קינדער זיצנ אומבאוועגלעכ, דארפנ קומענ באוועגלעכע שפּילנ. אונ פארקערט, נאָכ באוועגונגענ — רו.

דעמ טאָג פונ פאָרשול־קינד מוז מענ אײַנאָרדענענ אפ אזא אופנ, אז אימ זאָל גאראנטירט ווערנ א געזונטער אונ רויִקער שלאָפ. די יינגסטע קינדער (ביז 4 יאָר) דארפנ אכוצ באנאכטיקנ שלאָפ שלאָפנ אויכ נאָכ מיטיק א שאָ אָנדערהאלבנ—צוויי, די מיטעלע אונ עלטערע פאָרשול־קינדער (5—7 יאָר) שלאָפנ באטאָג, אויב זיי האָבנ כיישעק דערצו. צווינגענ זיי דערצו דארפ מענ בעשומויפנ ניט. ס׳איז גענוג, אז זיי וועלנ נאָכ מיטיק זיצנ אָדער ליגנ א באשטימטע צײַט רויִק.

דער אלגעמיינער סכומ צײַט פונ שלאָפנ דארפ אָבער פּינקטלעכ אָפּגעהיט ווערנ: פאר 3—4 יאָריקע — 13—14 שאָ, פאר 5—7 יאָ־ריקע — 12—13 שאָ.

די קינדער מוזנ זיכ פרי ליגנ אונ ניט צו שפּעט אופשטיינ, לע־מאָשל, אופשטיינ 7—7½ אונ ליגנ זיכ 8—9, אויסגעצערטע אונ אָפּגעשוואכטע קינדער נייטיקנ זיכ אינ מער שלאָפנ.

אינ דער דאָזיקער הינזיכט דארפנ די דערוואקסענע געבנ די פאָר־שול־קינדער אונ דער שול־יוגנט א גוטנ בײַשפּיל. דער מינהעג פונ ליגנ זיכ שפּעט שלאָפנ דארפ אויסגעוואָרצלט ווערנ!

אמבעסטנ, פארשטייט זיכ, קאָנ דער ריכטיקער טאָג־רעזשימ פונ פאָרשול־קינד אָפּגעהיט ווערנ אינ א קינדער־אנשטאלט, וווּ די קינדער פארברענגענ כימאט דעמ גאנצנ טאָג.*

---

* אינ יאנוואר 1933 האָט דער פאָלקאָמבילד צוזאמענ מיטנ פאָלקאָמגעזונט ארויס־געגעבנ א ספּעציעלע פאראָרדענונג וועגנ דעמ רעזשימ אינ די פאָרשול־אנשטאלטנ. מיר גיבנ עס צומ סאָפ פונעמ דאָזיקנ ביכל אונ לייגנ פאָר די לעזער זיכ גענוי דערמיט צו באקענענ.

אויב קיינ קינדערגאָרטנ אָדער קיינ פאָרשול־פרימיטיוו איז אינ דער נאָענט ניטאָ, באַדאַרפֿנ די אַקטיוויסטע עלטערנ, באַזונדערס די מוטערס נעמענ אַפּ זיכ די איניציאַטיוו אַזאַ אַנשטאַלט צו אָרגאַניזירנ, פֿאַר־בינדנדיק זיכ צו דעמ צוועק מיט דעמ בילדונג־אָפּטייל פונעמ ראַיאָ אונ צוציִענדיק צו הילפֿ די אונטערנעמונגענ, דעמ קאָלווירט, די מטס, די געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס, די הויזפֿאַרוואַלטונג א. א.

באַזונדערס ערנסט שטייט די רעזשימ־פֿראַגע אינעמ שול־עלטער, אַפּט ווערנ די שול־קינדער איבערגעלאָדנ מיטנ לערנענ אונ מיט געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט איבער זייערע קויכעס, עס ווערנ צײַטנוויַיז פֿאַרנאַכלעסיקט די עלעמענטאַרע קלאָלימ וועגנ אָפּרו. מע פֿאַרגיט די קינדער אַרבעט אַהיימ, גאָר ניט רעכענענדיק זיכ מיט דער נייטיקײַט צו געבנ זיי די מעגלעכקײַט ווי געהעריק אויסצורוענ זיכ פֿונ דער שול־אַרבעט, צו שפּאַצירנ, אויסצושלאָפֿנ זיכ. אינ די פּיאָנער־אָרגאַניזאַציעס אונ אינ די שול־קרײַזלעכ זיצנ די קינדער ביז שפּעט אַפּ פֿאַרזאַמלונגענ, וועלכע ציִענ זיכ שאָענ אונ מאַטערנ אויס די קינדער ביז גאָר.

יעדער באַוווּסטזיניקער מענטש קאָנ זיכ לײַכט פֿאָרשטעלנ, וואָס פֿאַר א באַטרעפּ עס האָט אַזאַ לערנענ, וואָס פֿאַר א מאַשמאָעס עס האָט אַזאַ געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט. אָט דער מינ אומגעזונטע אופירונג האָט אַרויסגערופֿנ א ספּעציעלע באַשטימונג פֿונעמ ראַט פֿונ די פֿאָלקס־קאָמיסאַרנ, ווו עס ווערט געפֿאָדערט שטרענג אָפּהיטנ דעמ געהעריקנ רעזשימ אינ שול־לעבנ.

די פֿאָלקס־קאָמיסאַרנ פֿאַר בילדונג אונ געזונט־פֿאַרהיטונג האָבנ אַרויסגעגעבנ א באַשטימונג וועגנ א גענויער אָרדענונג פֿונ די שול־לימודימ אונ באַשטימטע אָנלאָדונג־נאָרמעס פֿאַר די שילער. די דאָזיקע באַשלוסנ פֿונ דער רעגירונג האָבנ געהאַט דעמ ציל צו שאַפֿנ אַ איבערבראָכ אינ דער באַציִונג צו דער געזונט־פֿאַרהיטונג פֿונ די שול־קינדער אונ אינ דער רעגולירונג פֿונ זייער לעבנשטייגער.

בא דער גרויסער ווירקונג, וואָס די דאָזיקע פֿאַראָרדענונגענ האָבנ געהאַט, איז נאָכ פֿונדעסטוועגנ פֿאַראַנ פיל שולנ, וועלכע זײַנענ טאָגטעגלעכ אויווער אַפּ אָט די וויכטיקסטע פּעדאַגאָגישע אונ היגיִענישע פּרינציפּנ אונ אָנווײַזונגענ, וועלכע די רעגירונג האָט געגעבנ.

דאָס פֿאַרקלענערנ די קליינע האַפּסאָקעס צווישנ די לעקציעס, וועלכע טאָרנ ניט זײַנ ווייניקער פֿונ צענ מינוט, דאָס פֿאַרקירצנ די

גרויסע האפסאָקע, וועלכע דארפ דויערנ א האלבע שאָ, דאָס אימגעזעצלעכע פארגרעסערנ די צאָל לעקציעס אינ די ייִנגסטע גרופּעס (אָנשטאָט פיר — פינפ לעקציעס א טאָג), דאָס פארגעבנ צופיל אופגאבנ אהיימ אד״ג. — דאָס אלצ דערווייַזט אונדז, אז א סאכ פעדאָגאָגנ דערשאצנ ניט די נייטיקייַט אונ די באדייַטונג פונ די אָנלאָדונגנאָרמעס סיי פארנ פארהיטנ דאָס קינדער־געזונט סיי פארנ אופהייבנ די קוואליטעט פונעמ לערנענ.

דער עלטערנ־אקטיוו אונ די גאנצע שול־געזעלשאפטלעכקייַט באַדארפ מיט דער גאנצער ערנסטקייַט גענוי דורכשטודירנ די אויסגעארבעטע פאָדערונגענ פונ דער רעגירונג, וועלכע מיר ברענגענ צומ סאָפ פונעמ ביכל אונ אָנעמענ אלע מיטלענ, זיי זאָלנ אומבאדינגט פינקטלעכ אונ שטענדיק דורכגעפירט ווערנ אינ לעבנ, מיטהעלפנ דער שול צו באזייַטיקנ די אלע מעניעס, וועלכע שטייענ אפנ וועג.

מיר ברענגענ דאָ די נייטיקע צייַט־פארטיילונג פונעמ שילער־טאָג לויט די פארשיידענע שול־גרופּעס אונ לויט דעמ קינדער־עלטער, אינ הסכמ מיט די פאָדערונגענ, וועלכע זייַנענ פאָרמולירט געוואָרנ אינ די דערמאָנטע באשלוסנ פונ דער רעגירונג (זע טאבעלע זייַט 37). דאָס אויוועקלאָזנ אפילע אפ איינעמ פונ די פונקטנ ברענגט מיט זיכ א גאנצע ריי שטערונגענ אינעמ טאָג־רעזשימ פונ די קינדער. פונ דער דאָזיקער טאבעלע זעענ מיר קלאָר, אז די דערלאָזבארע מאקסימאלע ארבעט־אָנלאָדונג פונ די שול־קינדער איז א גאנצ היפּשע. (קארגע 5 שאָ פאר אנ 8—10־יאָריקנ שילער אונ אנ 8־שאָיִקער ארבעט־טאָג פאר 14—16 יאָר).

דאָס פאָדערט פונ אונדז צו זייַנ זייער פאָרזיכטיק באמ אָנלאָדנ די שול־קינדער מיט היימישער ארבעט. אפ דעמ דאָזיקנ געביט ווערנ דערלאָזנ פארשיידענע מינימ פארקריפּלונגענ. אנדערע עלטערנ האלטנ, אפּאָנעמ, אז קיינ שומ אָנלאָדונג־גרענעצ עקזיסטירט ניט פאר קינדער אונ זיי לאָדנ אָנ די שול־קינדער מיט קאָלערליי ווירטשאפטלעכע ארבעטנ: אינ אייַנקויפנ, ראמענ די שטוב, וואשנ די פאָדלאָגע, וואשנ וועש, האָדעווענ קליינע קינדער, טראָגנ וואסער אד״ג., לאכלוטנ ניט רעכענענדיק זיכ ניט מיט די קויכעס פונ די קינדער, ניט מיט זייערע שול־אָנלאָדונגענ.

דאָ קומט אויס צו ליידנ מער די מיידלעכ, וועלכע דארפנ זיכ,

# נאָרמאַלע צײַט-פּאַרטיילונג אינעם שול-עלטער (אין שאָען)

| גרופּן | I און II | III | IV | V, VI און VII |
|---|---|---|---|---|
| עלטער | 10—8 | 13—11 | | 16—14 |
| פאַרברענגען אין שול | $3\frac{5}{6}$ | $3\frac{5}{6}$ | $4\frac{3}{4}$ | $5\frac{2}{3}$ |
| דערונטער לימודים | 3 (4 לעקציעס) | 3 (4 לעקציעס) | $3\frac{3}{4}$ (5 לעקציעס) | $4\frac{1}{2}$ (6 לעקציעס) |
| פאַרגעבונגען אַהיים | $\frac{3}{4}$—$\frac{1}{2}$ | 1 | 1 | 2—$1\frac{1}{2}$ |
| געזעלשאַפטלעכע אַרבעט | 1—$\frac{1}{2}$ | $1\frac{1}{2}$—$\frac{3}{4}$ | $1\frac{1}{2}$—$\frac{3}{4}$ | 2—1 |
| אַלגעמיינער סכום פון אַרבעט | $4\frac{3}{4}$—4 | $5\frac{1}{2}$—$4\frac{3}{4}$ | $6\frac{1}{4}$—$5\frac{1}{2}$ | 8—6 |
| פרײַע צײַט, שפּאַצירן, דער וועג אין שול אדג. | 6—$4\frac{1}{2}$ | $6\frac{1}{2}$—$4\frac{3}{4}$ | $5\frac{1}{2}$—4 | 6—$3\frac{1}{2}$ |
| עסן, אָנטאָן זיך, סאַניטאַר-היגיענישע פּראָצעדורן (וואַשן זיך אדגל.) | 3 | 3 | 3 | 3 |
| שלאָפן | 11—10 | 10—9 | 10—9 | 9 |
| * צוזאַמען (אין מעסלעס) | 24 | 24 | 24 | 24 שאָ |
| אויפשטיין | $7\frac{1}{2}$—7 | 7—$6\frac{1}{2}$ | 7—$6\frac{1}{2}$ | $6\frac{1}{2}$—6 אַזייגער |
| די לימודים אין שול הייבן זיך אָן (ניט פריִער) | האַלב 9 | | | 8 „ „ |
| די לימודים אין שול ענדיקן זיך (שפּעטסטנס) | 6 | 7 | | 8 „ „ |
| פאַרענדיקן אַלע אַרבעטן (שפּעטסטנס) | 7 | 8 | | 9 „ „ |
| גיין שלאָפן | 9—$8\frac{1}{2}$ | $9\frac{1}{2}$—9 | | 10 „ „ |

לויט די אלטע טראַדיציעס, מער פאַרנעמענ מיט ווירטשאַפטלעכע שטוביקע איניאָנים...

אינעם דאָרפישנ לעבנ ווערנ די קלענסטע קינדער אָפט אויסגענוצט בא שווערער פעלד־אונ גאָרטנ־ארבעט, באַם האָדעווענ די קי אונ אַנדערע שטוביקע באַלעבאַטישקייטנ.

דערצו מוז נעמענ א סאָפ. מע קאָנ ניט פאַרווערנ די קינדער צו נעמענ אַנ אָנטייל אינ דער היימישער אונ אפילע דאָרפישער ארבעט, — אדעראבע, עס איז אינעם אינטערעס פונ זייער פּאָליטעכנישער אונ פיזישער דערציִונג, — מע מוז אָבער וויסנ דערבײַ א מאָס אונ א גרענעצ.

דער עלטערנ־אַקטיוו אונ די שול־געזעלשאַפטלעכקײַט צוזאמענ מיטנ לערער־אַקטיוו אונ דאָקטער באַדארפנ געמיינזאַם רעגולירנ די דאָזיקע פראגעס, פאַרהיטנ די קויכעס פונ די קינדער, שיצנ זיי קעגנ אמעראַצישע פאַרקריפּלונגענ.

אינ די פאַראָרדענונגענ פונ דער רעגירונג ווערט אויכ אונטערגעשטראָכנ די נייטיקײַט צו גאַראַנטירנ דעמ פולנ אָפּרו פונ די שול־קינדער אינעמ אָפּרו־טאָג. דער דאָזיקער טאָג דאַרפ דעריקער אָפּגעגעבנ ווערנ אַפ שפּאַצירנ אונ פאַרשיידענע מינימ ספּאָרט־פאַרווײַלונגענ, באַזוכנ אַדג.

מע דאַרפ צוגעווינענ די קינדער צו מאַכנ אָפטע האַפּסאָקעס אויכ ביים דער ארבעט אינ דער היימ: יינגערע קינדער — אַלע האַלבע שאָ, עלטערע — אַלע שאָ. נאָכ דער שול דאַרפ מענ זיכ גלײַכ ניט נעמענ פאַר די אויפגאַבנ, עס מוז זײַנ א האַפּסאָקע פונ א פּאָר שאָ. שפּעט אינאָוונט דאַרפ מענ די אויפגאַבנ ניט מאַכנ. אויב די קינדער באַזוכנ די שול אינ דער צווייטער וואַכטע, דאַרפנ זיי די אויפגאַבנ מאַכנ אינדערפרי. די אָוונט־צײַט נאָכ דער שול דאַרפ אויסגענוצט ווערנ נאָר אַפ אָפּרוענ זיכ, אַפ שפּאַצירנ גיינ.

אומאָפּהענגיק פונ דער שול־וואַכטע דאַרפ אָפּגעהיטנ ווערנ דער סכומ שאָענ פונ שלאָפ אונ די צײַט פונ לייגנ זיכ אונ אופשטיינ.

דאָס פרי אופשטיינ איז וויכטיק אָפּצוהיטנ יעדנ טאָג, אפילע אינ די אָפּרו־טעג אונ קאַניקול־צײַט.

רוענ הייסט ניט זיצנ שפּעט אינ דער נאכט אָדער וואַלגערנ זיכ ביזנ האַלבנ טאָג אינ בעט. דער פרימאָרגנ קאָנ אונ דאַרפ אינ די

פרײַע טעג פאַרווענדט ווערן אַף קאָלעקטיווע שפּאַציר־גאַנגען, שפּילן אאַז״וו.

די רעגירונג פֿון פּסטר האָט באַשלאָסן צו פאַרטײלן די לערנצײַט אין יאָר אַף פאָלגנדיקן אופן:

די ווינטער־קאַניקולן קומען פאָר אין די שטעט, אין די פאַבריק־זאַוואָדישע שטעטלעך און אין די דאָרפישע ערטער פונעם 1־טן ביזן 15־טן יאַנוואַר.

די פרילינג־קאַניקולן — פון 20־טן ביזן 31־טן מאַרט אין די שטעט און פאַבריק־זאַוואָדישע שטעטלעך, און 14 טעג אינעם פעריאָד פון 20 מאַרט ביזן 20 אַפּרעל, לויטן באַשלוס פונעם ראַיאָן — אין די דאָרפישע ערטער.

די זומער־קאַניקולן — פונעם סאָף שול־יאָר (פון 20־טן מײַ אָדער 1 יוני אין די שטעט און פאַבריק־זאַוואָדישע שטעטלעך, און פונעם 1 אָדער 10 יוני אין די דאָרפישע ערטער) ביזן 1־טן סענטיאַבער — אָנהייב שול־יאָר.

די קאַניקול־צײַט דאַרף דעריקער אויסגענוצט ווערן אַף מאַסנווײַזע פאַרגעניגנס־אונטערנעמונגען, וואָס די עלטערן און די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס מוזן נעמען דעם גרעסטן און אַקטיווסטן אָנטייל אין אָרגאַניזירן זיי.

---

# IV. דערנערונג

קיינ סאָפעק ניט, אַז פונ דער דערנערונג הענגט אינ א גרויסער מאָס אַפ דער געזונט־צושטאַנד, די נאָרמאַלע אַנטוויקלונג פונעמ קינד אונ יונגנטלעבנ, די ווידערשטאַנדפייִקייט קעגנ פאַרשיידענע קראַנקייטנ, די אַרבעט־פייִקייט. דערביי שפּילט אָבער א ראָליע סיי דער סכומ פונ די אופגענומענע שפייז סיי זייער קוואַליטעט, מינ אונ צוזאַמענ־שטעל.

צוליב וואָס עסט א מענטש? יעדע אַרבעט, יעדע לעבנ־ערשיינונג אינ אונדזער קערפּער נעמט אַפ באַ איִמ א געוויסנ סכומ ענערגיע.

צי עס פאַרקירצנ זיכ אונ ציִענ זיכ אויס באַ זייער אַרבעט די מוס־קולנ (גייִנ, ריידנ, קייענ, שלינגענ אא.), צי עס „פאַרבריִצירנ" אונ שיידנ אויס זייער זאַפט די דריזנ (די לעבער—גאַל, דער נעבנ־אויער־דריז — שפּייעכצ אא.), צי עס פליסט אינ די אָדערנ דאָס בלוט, צי עס טוט איר גרויסע אַרבעט די נערוונ־סיסטעמ — דאָס אַלצ קאָסט באַשטימטע סכומענ ענערגיע, אונ די דאָזיקע פאַרווענדונגענ מוזנ גע־דעקט ווערנ דורכ דער דערנערונג, ואַניט ווערט דער קערפּער סאָפקאָל־סאָפּ אויסגעשעפּט אונ מוז אונטערגייִנ.

די ענערגיע פאַרווענדנ מיר קסיידער, אָנ איבעררײַס. אונדזער „רו" איז קיינמאָל ניט קיינ פולקומע. אפילע בייסנ שלאָפ, ווענ עס רוט דער אָנפירנדיקער צענטראַלער נערוונ־אַפּאַראַט, דער קאָפמאַרכ, אונ יענער טייל מוסקולאַטור, וועלכער הענגט אָפ פונ אונדזער ווילנ — הערט ניט אויפ צו אַרבעטנ דאָס האַרצ, שטעלנ זיכ ניט אָפ די בלוט־צירקוליאַציע אונ דאָס אָטעמענ, קומענ נאָכ פאָר קאָמפּליצירטע כימישע פּראָצעסנ אינ מאָגנ אונ אינ די געדערימ, אינ לעבער, אינ די נירנ אונ אינ אַנדערע אָרגאַנענ.

אינעמ פּראָצעס פונ דער לעבנ־טעטיקייט ווערנ א סאַכ טיילכעלעכ,

קעמערלעך פֿון אונדזער קערפּער אָן אויפֿהער אָפּגענוצט, כאָרעוו און צוריק אויפֿגעבויט, אַז וואָס עס פֿאָדערן זיך אויך באַשטימטע סכומען פֿון שטאָף.

אַכוץ דעם ווערט פֿאַרווענדט ענערגיע אַף צו דערוואַרעמען דעם קערפּער, אַף צו האַלטן דאָס בלוט אַף אַ שטענדיקער טעמפּעראַטור.

דורכן דער שפּײַז גיבן מיר דעם קערפּער געהעריקע פֿאַרגרייטונגען פֿון שטאָפֿן אַף צו דעקן די אַלע אויסגערעכנטע הוציאָעס.

בײַ קינדער איז די באַדערפֿעניש אין דערנערונג נאָך פֿיל באַדײַטנ־דיקער. דאָס נײַ־געבאָרענע קינד וועגט בערעך 3 קילאָגראַם, דער דער־וואַקסענער מענטש — 60 קילאָגראַם. אַף אַזאַ אויפֿן ווערט דער קער־פּער (לויטן וואָג און שטאָף) פֿאַרן אַנטוויקלונג־פּעריאָד פֿאַרגרעסערט אין 20 מאָל! אַכוץ די אַלע אויסגאַבן פֿונעם דערוואַקסענעם מוז מען אין קינדער־עלטער האָבן נאָך בוי־מאַטעריאַל פֿאַר די נײַע לעבעדיקע קערפּער־שטאָפֿן. מע האַרף נאָך אויך נעמען אין אַכט, אַז אינעם קינדער־עלטער ווערט אויסגעגעבן לעערעך אַ סאַך מער ענערגיע אַף מוסקול־אַרבעט — צוליב דער שטאַרקער קעסיידערדיקער באַוועגלעכ־קײַט.

דעם קינדס באַדערפֿעניש אין דערנערונג איז דערפֿאַר פֿאַרהעלטניס־מעסיק אַ פֿיל גרעסערע, ווי באַם דערוואַקסענעם. די ריכטיקע דער־נערונג פֿונעם קינד איז איינע פֿון די וויכטיקסטע מאָמענטן, וועלכע באַשטימען זײַן וווּקס און אַנטוויקלונג.

ניט אומזיסט גיט אָפּ די פּאַרטיי און די רעגירונג אַזויפֿיל אויפֿ־מערקזאַמקײַט דער פֿראַגע פֿון קינדער־דערנערונג; ניט אומזיסט ווערט אַזויפֿיל מאָל אונטערגעשטראָכן אין די באַשלוסן די נייטיקײַט צו באַ־זאָרגן די פֿאָרשול־און שול־קינדער מיט געזעלשאַפֿטלעכער דערנערונג פֿונעם געהעריקן סכום און קוואַליטעט.

אָפּשאַצנדיק די גרויסע באַדײַטונג, וואָס עס האָט פֿאַרן קינד אַ געהעריקע דערנערונג — אין פֿראַט פֿון סכום און קוואַליטעט, — דאַרפֿן מיר אַלע זיך סטאַרען און דערשלאָגן זיך, אַז די דאָזיקע באַ־דערפֿענישן זאָלן פֿולקום באַפֿרידיקט ווערן.

קעדיי צו דערהאַלטן דאָס לעבן, דעם געזונט און די אַרבעטפֿייִ־קײַט פֿונעם מענטשן, קעדיי צו געבן דעם קינד די מעגלעכקײַט נאָרמאַל און פֿולקום צו אַנטוויקלען זײַן קערפּער, זײַנע קרעפֿטן און פֿייִקײַטן—

זײַנען נייטיק פאָלגנדיקע דערנערונג־שטאָפנ: ווייסל, פעטס, קוילנ־הידראטנ, מינעראל־שטאָפנ אונ וויטאמינענ.

ווײַסל איז דער וויכטיקסטער בוי־מאטעריאל פונעמ קערפער. דער כימישער צוזאמענשטעל פונ ווײַסל איז זייער קאָמפּליצירט; דורכ פאַר־שיידענע קאָמבינאציעס פונ די כימישע טיילנ שאפנ זיכ צאָלרײַכע מינימ ווײַסלעכ.

אינ פעריאָד פונ וואקסנ נייטיקנ זיכ די קינדער כאזונדערס אינ ווײַסל, אלס וויכטיקסטנ בוי־מאטעריאל. צוליבנ שטורמישנ וווּקס נייטיקנ זיכ דעריִנ קליינע קינדער מער ווי עלטערע (זע טאבעלע).

ווײַסל געפינט זיכ אינ די פאַרשיידענע אָרגאנענ פונעמ באלע־בײַישנ קערפער — ווי פלייש, בלוט, לעבער אא. אינ מילכ, אייער, רויג אונ אינ אזוינע געוויקסנ, ווי באָב, רײַז, האָבער, קארטאָפל, גרינס אא. דאָס ווײַסל ווערט פארדייט אינ מאָגנ אונ אינ די געדערימ. דאָס צעלייגטע ווײַסל ווערט פארוועגדט טיילווײַז צו בוי־צוועקנ, טיילווײַז אפ צו שאפנ ענערגיע, טיילווײַז ווערט עס פאַר־וואנדלט אינ פעטס.

פעטס דינט אונדז אלצ הייצ־מאטעריאל, גיט דעמ קערפער וואַ־רעמקײַט, אכוצ דעמ דעקט עס די פארוועגדטע פעטס פונ די פאַרשיי־דענע אָרגאנענ אונ געוועבנ. דאָס פעלנ פונ פעטס פארוואסערט די גע־וועבנ אונ שוואכט אָפּ זייער פייִקײַט צו קעמפנ קעגנ קראנקײַטנ. פעטס געפינט זיכ דעריקער אינ שמאלצ, אייער, פוטער אונ מילכ פונ באלעבײַימ, אינ אייל פונ געוויקסנ. פעטס ווערט כימיש צעלייגט אונ ארײַנגעזאפט אינ די גערערימ.

קוילנהידראטנ (קראָכמעל, צוקער) זײַנענ דער הויפטקוואל פונ דער מוסקול־ענערגיע אונ וואַרעמקײַט. די קוילנהידראטנ געפינענ זיכ אינ מעל־פּראָדוקטנ, קארטאָפל, פרוכט אונ גרינס, פונ פּראָדוקטנ פונ באלע־בײַימ געפינענ זיי זיכ קימאט נאָר אינ מילכ.

מינעראל־זאלצנ געפינענ זיכ דעריקער אינ די ביינער, נאָר טייל־ווײַז אויכ אינ אלע זאפטנ פונעמ קערפער. זיי שפּילנ א גרויסע ראָ־ליע אינעמ לעבנ פונעמ אָרגאניזמ. אָט געפינט זיכ קאָכזאלצ אינעמ מאָגנזאפט אונ אינ אנדערע פליסיקײַטנ, וועלכע שיידנ זיכ אויס פונ דריזנ (שוויס, טרערנ, שליימ, אורינ אא.). די אײַזנזאלצנ זײַנענ נייטיק אפ אויסצואַרבעטנ דעמ רויטנ בלוט־פארבשטאָף, — דעמ הע־

מאָגלאָבינ. * אינ קאַלבזאַלצנ נייטיקט זיכ דער וואַקסנדיקער קערפער אפ צו בויענ די ביינער־סיסטעמ. אכוצ דעמ מאכנ די קאַלבזאַלצנ אומשעדלעכ די גיפטיקע אָפּפאַל־פּראָדוקטנ אינעמ קערפּער. א גרויסע באַדייטונג פאַר דער אַנטוויקלונג פונ דער נערוונ־סיסטעמ האָבנ די פאָספאָר־זאַלצנ, וועלכע געפינענ זיכ אינ פאַרשיידענע ווייסלעכ, פעטס אונ אינ אויבס.

דערפאַר דאַרפנ אינ דער קינדער־דערנערונג באַנוצט ווערנ וואָס מער אַזוינע שפּייז, וועלכע באַרייכערנ דעמ קערפּער מיט מינעראַל־פאַרבינדונגענ, אַהער געהערנ קוידעמקאָל: אויבס, גרינס, וואָרצלפרוכט (קאַרטאָפל, מערנ, בוריקעס אאַוו.) ציבעלעס, גרינע באָב אונ אַרבעס, מילכ.

וויטאַמינענ — פונעמ לאַטייניש ווואָרט „וויטאַ" — לעבנ. אַזוי האָט דער געלערנטער פונק א נאָמענ געגעבנ אַזוינע שטאָפנ, וועלכע זיינענ אונדזער קערפּער אומבאַדינגט נייטיק צומ לעבנ. דאָס זיינענ ניי־אַנטדעקטע צוגאָב־שטאָפנ, וועלכע מיר מוזנ פאַרווענדנ, לעבאַלאָפּאָכעס אינ קלײנע סכומענ, אַניט קאָנענ זיכ אַנטוויקלענ פאַרשיידענע ספּעציעלע קראַנקייטנ.

די דאָזיקע שטאָפנ געפינענ זיכ אויסשליסלעכ אינ רויע אונ ניט איבערגעאַרבעטע פּראָדוקטנ — אינ רויע גרינס, פרוכט, אינ פרישע מילכ, פוטער, פלייש, אייער אאַ.

אינ יענע לענדער (אינדיע, יאַפּאַניע אאַ.), וווּ מע דערנערט זיכ הויפּטזאַכלעכ מיט ווייסנ רייז, וועלכער איז פולקומ אָפּגערייניקט פונ זיינע הייטלעכ, איז באַוווּסט מער ווי 1000 יאָר א קראַנקייט „בערי־בערי". זי דריקט זיכ אויס אינ אַלגעמיינער מידקייט, נאָכ וועלכער עס הייבנ אָנ אָפּנעמענ אונ אָפּשטאַרבנ די מוסקולנ, מע ווערט אויסגע־דאַרט אונ מע קענ אַזוי אָוועקשטאַרבנ. אינ יאַפּאַניע אַליינ פלעגנ מיט יאָרנ צוריק קראַנק ווערנ יערלעכ אפ „בערי־בערי" בא 5000 מענטשנ.

באַמ געברויכנ ניט געשיילטע רייז — קרענקט מענ דערפונ ניט. די קראַנקייט „בערי־בערי" הײלט מענ אויס מיט רייז־קלייענ, פונ וועלכע פונק האָט אינ דיינער פאָרמ אַרויסבאַקומענ דעמ דאָזיקנ וויכ־

* דאָס איז דער פאַרבשטאָפ פונ די רויטע בלוט־קערפּערלעכ, וועלכע שפּילנ די הויפּט־ראָליע באַמ אופנעמענ זויער־שטאָפ אינ די לונגענ אונ באַמ פאַרטיילנ עס איבערנ גאַנצנ קערפּער.

טיקנ דערנערונג־שטאָפּ, וועלכער הייסט איצט אינ דער וויסנשאַפט וויטאמינ $B$ („בע") — באם פעלנ פונ דעם דאָזיקנ וויטאמינ — שטעלט זיכ אָפּ בא קינדער דאָס וואקסנ אונ זיי ווערנ מער גענייגט צו אָנשטעקנדיקע קראנקייטנ.

די ווירקונג פונעם דאָזיקנ וויטאמינ האָט זיכ גלענצנדיק באשטעטיקט דורכ א סאכ וויסנשאַפטלעכע עקספּערימענטנ איבער באַלעכייִנ (הינער) אונ מענטשנ.

א צווייטע ענלעכע קראנקייט, וועלכע איז באוווּסט שוינ א סאכ יאָרנ אינ דער גאנצער וועלט, איז סקאָרבוט (цинга). זי קומט פונ ניט עסנ קיינ גרינס, פרוכט אונ ביכלאל קיינ פרישע פּראָדוקטנ.

די דאָזיקע קראנקייט איז אמאָל געווענ א שטענדיקע פּלאָג אינ די הונגער־געגנטנ, אינ די צארישע טפיסעס אונ אפ די קאָלערליי אימפּעריאליסטישע מילכאָמע־פראָנטנ.

א העלפט פונ דער ענגלישער ארמיי אינ מעסאָפּאָטאמיע האָט געקרענקט אפ סקאָרבוט.

אמאָליקע צייטנ, ווענ די יאמ־רייזעס פלעגנ געדויערנ יאָרנ, — פלעגנ פונ די שיפ־קאָמאנדעס, וועלכע האָבנ זיכ דערנערט מיט מעל אונ געזאלצענע פלייש, פאלנ א סאכ קאָרבאָנעס פונ סקאָרבוט.

אָבער שוינ אינ XVIII יאָרהונדערט איז געווענ באוווּסט, אז מערנ, אפּעלסינעס, ציטרינעס אא. זיינענ א גלענצנדיקע רעפוע קעגנ סקאָרבוט.

די דאָזיקע קראנקייט דריקט זיכ דערויס אינ בלוטונגענ פונעם צאָנ־פלייש אונ אפנ לייב, אינ פארלירנ די קויכעס, וואָס קאָנ אינ שווערע פאלנ דערפירנ צומ טויט.

ווענ מע באנוצט ניט קיינ גרינס אונ פרוכט כאדאָשימ לאנג, וואָס עס טרעפט מערסטנטייל ווינטער־צייט — הייבט מענ זיכ אָנ פילנ שוואכ, ווערט מענ גיכ מיד. דאָס איז א מינ ערעוו־סקאָרבוט. פארציט זיכ דאָס לענגער — ווערט מענ ערנסט קראנק.

דער קעגנ־סקאָרבוטישער שטאָף הייסט וויטאמינ $C$ („צע"). אינ קליינע סכומענ געפינט ער זיכ אינ קארטאָפל. דאָס עסנ קארטאָפל אינ א גענוגנדיקנ סכום שיצט פולקום פונ סקאָרבוט. נאָכ אנ אומגערעכעניש אפ קארטאָפל פלעגנ אינעם צארישנ רוסלאנד שטענדיק זיינ א סאכ סקאָרבוט־פאלנ.

אינ מיירעוו־סיביר טרעפנ פאלנ פונ סקאָרבוט אונ ערעוו־סקאָר־

בוט ווינטער־צײַט און אָנהייב פרילינג. שפעטער, ווענ עס באַווײַזט זיכ נאָר אפנ מארק די באריִמטע „קאָלבאַ״ — אזא מינ ווילדע סיבירער ציבעלע, וואָס דער אוילעמ עסט זייער גערנ — פארשווינדט לאַכלוטנ יעדע פאָרמ פונ סקאָרבוט....

זויג־קינדער קאָנענ לײַדנ אפ סקאָרבוט, אויב מע דערנערט זיי קינסטלעכ, אָנ פרישע ברוסט־מילכ און מע גיט זיי ניט צו קיינ וויטאַ־מינרײַכע מערנ און פרוכט־זאפטנ. בא ברוסט־דערנערונג איז אויכ גאנצ וויכטיק, אז די דערנערונג פונ דער זויג־מוטער זאָל אנטהאלטנ וואָס מער וויטאמינרײַכע פראָדוקטנ.

דעמ אנטי־סקאָבוטישנ וויטאמינ $C$ פארמאָגנ גרינע געוויקסנ דעריקער די בלעטער און פרוכט, ווייניקער די וואָרצלענ און וואָרצל־פרוכט. גרינע קרויט פארמאָגט די וויטאמינענ $B$ און $C$; ניט אומזיסט רעכנט זיכ עס פאר זייער א נוצלעכנ דערנערונג־פראָדוקט. נאָכ רײַכער אינ וויטאמינענ זײַנענ פאָמידאָרנ, א ביסל ווייניקער — מערנ. פונ אויבנ פארמאָגנ דעמ דאָזיקנ וויטאמינ אינ א גרויסנ סכומ — ציטרינענ און אפעלסינענ. אינ טווע־קערנער איז אָט דער מינ קימאַט ניטאָ. ער דערשײַנט אינ זיי בעשאסנ אויסוואקסנ. דערפאר איז גערשטענער מאלצ אזוי נוצלעכ.

פראָדוקטנ פונ באלעבאַטיִמ פארהיטנ ווייניקער פונ סקאָרבוט, איידער די געוויקסנ.

דער דאָזיקער וויטאמינ איז זייער ווייניק שטאנדהאפטיק: ער ווערט צעשטערט בא וואַרעמענ אפ דער לופט און באמ אויסטריקענענ.

ווענ אינ דער דערנערונג פעלט אָט דער וויטאמינ $C$, פארלירט דער אָרגאניזמ די פייִקײַט קעגנשטעלנ זיכ אָנשטעקנדיקע קראנקײַטנ.

דער וויטאמינ $A$ („א״), וועלכער געפינט זיכ דעריקער אינ פיש־טראָנ, אייגעלכל, מילכ און אינ גרינע געוויקס־טיילנ, אינ פאָמידאָרנ און מערנ — העלפט שטארק מיט דעמ וווּקס פונעמ קינד. דעריבער הייסט ער טאַקע וויטאמינ פונ וווּקס.

אויב דער דאָזיקער וויטאמינ פעלט אויס, וואקסט דאָס קינד לאנגזאמער, בלײַבט מאָגער און איז מער גענייגט צו אָנשטעקנדיקע קראנקײַטנ.

דערוואקסענע לײַדנ ווייניקער, ווענ עס פעלט זיי אויס דער וויטאַ־מינ $A$, עס קאָנ אָבער אויכ נעגאטיוו ווירקנ אפ זייער געזונט.

איינע פון די וויכטיקסטע סיבעס פון דער באריממטער „ענגלישער" קראנקייט (ראכיט) — איז דאָס פעלן פונעם וויטאמין $D$ („דע"), וועלכער געפינט זיך דעריקער אין פישטראַן (אין זייער א גרויסן סכום), אין אייגעלכל, אין פרישע מילך און אין גרינע בלעטער.

ראכיט דריקט זיך אויס אין דער שלעכטער אנטוויקלונג פון די ביינער, ווען די ביינער זיינען ניט דורכגעזאַפּט מיט קאַלך. דער פארביינערונג־פּראָצעס שטייט אָפּ, די ביינער בלייבן א לענגערע צייט ווייך, די מוסקולן זיינען שוואך, עס ליידט דעם קינדס אלגעמיינע אנטוויקלונג. זיי זיינען מער געניגט צו קראנקייטן. זייער שטערבלעכקייט איז פיל גרעסער, ווי בא געזונטע קינדער.

ראכיט אנטוויקלט זיך בא קינדער, וועלכע האָדעווען זיך אָן זון און אָן פרישער לופט, אָן וויטאמינרייכע פּראָדוקטן.

געוויינלעך ווערט דאָס עסן אין קיך אזוי צוגעגרייט, אז עס גייען פארלאָרן זייער א סאך וויטאמינען, וועלכע געפינען זיך אין די רויע פּראָדוקטן. דערפון ליידט שטארק אונדזער דערנערונג און מע דארף דאָס אומבאדינגט זען אויסמיידן.

אין פרוכט, גרינס, וואַרצלען און טוועקערנער געפינען זיך די וויטאמינען הארט אונטער דער שאָלעכץ און הייטל און אפילו אין די הייטלעך גופא. דערפאר איז אָנשטאָט אראָפּצושניידן די אויבערשטע שיכטן מיט א מעסער — גלייכער עס גוט אָפּרייניקן אין וואסער מיט א הארטן בערשטל.

אויסגעוואשענע פרוכט און גרינס טאָר מען ניט ווייקן אין וואסער, ווייל א טייל וויטאמינען צעלאָזן זיך דערביי. דערפאר דארף מען ניט ארויסגיסן דאָס וואסער, אין וועלכן עס האָט זיך געקאָכט גרינס. אין אָט דעם וואסער געפינען זיך אכוץ וויטאמינען אויך זייער נוצלעכע מינעראל־זאלצן.

דורך זאַלצן, מארינירן, וויאָנדזלען ווערן אויך כאָרעוו א סאך וויטאמינען.

דער בעסטער מיטל אייַנצוהאלטן די נאטירלעכע אייגנשאפטן פון פּראָדוקטן איז האלטן זיי אין דער קעלט. דאָס דארף מען באזונדערס האָבן אין זינען בא דער קינדער־דערנערונג.

דעם גענויעם סכום פון וויטאמינען און מינעראל־זאלצן, וועלכע דער מענטש דארף באקומען, איז נאָך דערווייל שווער צו באשטימען.

**ראַציאָנ פונ דערנערונג-שטאָפנ פאַר קינדער פונ פאַרשיידענעמ עלטער (לויט פּראָפ. איגנאַטאָוו)**

| עלטער | מיטעלער קערפּער־וואָג (אינ קילאָגראַמ.) | אסימילירבאַרע ווײַס־לעכ (אינ גראַמ.) | אסימילירבאַרע פעטנ (אינ גראַמ) | אסימילירבאַרע קוילנ־הידראַטנ (אינ גראַמ.) | וויטאַמינענ אא. | סכומ פונ קאַלאָריענ אפ 1 קילאָגראַמ קערפּער־וואָג | אַלגעמיינ. סכומ קאַ־לאָריענ אינעמ ראַציאָנ |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 1 כוידעש . . | 4,0 | 12,5 | 23,5 | 41,0 | די קינדער־דערנערונג דאַרפ זײַנ פאַרשיידנאַרטיק, געשמאַק, גוט אסימילירבאַר, דאַרפ אַנטהאַלטנ גענוג פולווערטיקע ווײַסלעכ אונ פעטס מיט וויטאַמינענ, לעציטינ אונ מינעראַלישע זאַלצנ. | 110,0 | 440 |
| 1 יאָר . . . | 9,6 | 38,4 | 38,4 | 76,8 | | 90,0 | 850 |
| 2 〃 . . . | 12,0 | 45,0 | 48,0 | 112,0 | | 92,0 | 1 100 |
| 3 〃 . . . | 13,5 | 49,0 | 47,0 | 137,0 | | 89,0 | 1 200 |
| 4 〃 . . . | 15,0 | 50,0 | 46,0 | 163,0 | | 86,6 | 1 300 |
| 5 〃 . . . | 17,0 | 52,0 | 45,0 | 187,0 | | 82,3 | 1 400 |
| 6 〃 . . . | 19,0 | 54,0 | 44,0 | 212,0 | | 79,0 | 1 500 |
| 7 〃 . . . | 20,5 | 55,0 | 44,0 | 235,0 | | 78,0 | 1 600 |
| 8 〃 . . . | 22,0 | 56,0 | 44,0 | 259,0 | | 77,3 | 1 700 |
| 9 〃 . . . | 24,0 | 58,0 | 45,0 | 267,0 | | 73,0 | 1 750 |
| 10 〃 . . . | 26,0 | 60,0 | 45,0 | 277,0 | | 69,2 | 1 800 |
| 11 〃 . . . | 28,5 | 62,0 | 46,0 | 297,0 | | 66,3 | 1 900 |
| 12 〃 . . . | 31,0 | 65,0 | 48,0 | 314,0 | | 64,5 | 2 000 |
| 13 〃 . . . | 36,0 | 70,0 | 49,0 | 331,0 | | 58,3 | 2 100 |
| 14 〃 . . . | 41,0 | 75,0 | 50,0 | 348,0 | | 53,7 | 2 200 |
| 16 〃 . . . | 50,0 | 80,0 | 50,0 | 416,0 | | 50,0 | 2 500 |
| 20 〃 . . . | 65,0 | 90,0 | 50,0 | 456,0 | | 41,5 | 2 700 |

## מעסלעס־ראציאָנ פאר קינדער פונ 4 ביז 7 יאָר (אײַנשליסלעכ)

| רעשימע פונ די פראָדוקטנ | סכום פונ די פראָ־דוקטנ (אינ גראמ.) | סכום פונ די אסימילירבארע שטאָפנ (אינ גראמענ) | | | סכום פונ קאלאָריעס |
|---|---|---|---|---|---|
| | | ווײַסלעכ | פעטס | קוילנ־הידראטנ | |
| קאָרנע ברויט . . | 125 | 6,59 | 0,84 | 47,50 | 227,75 |
| ווייצענע „ | 125 | 9,19 | 0,49 | 58,91 | 283,75 |
| גרויפּנ . . . . . | 70 | 7,46 | 1,61 | 43,90 | 225,54 |
| מאקאראָנעס . . . | 10 | 0,92 | 0,05 | 7,33 | 34.30 |
| רײַז . . . . . . | 6 | 0,32 | 0,05 | 4,47 | 20,08 |
| מעל צום קאָכנ . . | 16 | 1,09 | 0,23 | 8,95 | 42,28 |
| „ קארטאָפלנע . | 10 | 0,07 | — | 7,33 | 30,34 |
| צוקער . . . . . | 50 | — | — | 47,02 | 192,80 |
| אייל . . . . . . | 3 | — | 2,84 | — | 26,37 |
| פרוכט געטריקנטע . | 10 | 0,16 | — | 4,49 | 19,04 |
| קארטאָפל . . . | 200 | 2,20 | 0,24 | 27,98 | 126,00 |
| קרויט . . . . . | 100 | 1,07 | 0,24 | 2,95 | 18,70 |
| מערנ . . . . . | 50 | 0,28 | 0,07 | 2,68 | 12,85 |
| אנדערע גריִנסנ . . | 50 | 0,30 | 0,06 | 2,50 | 11,50 |
| פרוכט פרישע . . | 100 | 0,27 | — | 12,38 | 51,9 |
| סאכאקל־פראָדוקטנ פונ געוויקסנ־אָפּשטאמונג . . . | 925 | 29,92 | 6,52 | 278,39 | 1 785,35 |
| פוטער . . . . . . | 16 | 0,15 | 13,07 | — | 122,21 |
| פלייש . . . . . | 50 | 7.46 | 5,23 | — | 79,25 |
| פיש . . . . . . | 60 | 5,57 | 0,17 | — | 24,42 |
| הערינג . . . . . | — | — | — | — | — |
| אייער . . . . . | 25 | 2,96 | 2,87 | 0,12 | 39,33 |
| מילכ . . . . . | 300 | 7,47 | 8,57 | 8,82 | 146,55 |
| טוואָרעכ . . . . | 30 | 4,14 | 0,17 | 0,64 | 21,30 |
| סמעטענע . . . . | 15 | 0,72 | 2,68 | — | 37,89 |
| סאכאקל פראָדוקטנ פונ באלעכײַים־אָפּשטאמונג . . . | 496 | 28,47 | 32,76 | 9,58 | 460,95 |
| אלגעמיינער סאכאקל | 1 421 | 58,39 | 39,28 | 287,97 | 1 785,35 |

## מעסלעס־ראציאָנ פאַר קינדער פונ 8 ביז 13 יאָר (אײַנשליסלעכ)

| רעשימע פונ די פראָדוקטנ | סכום פונ די פראָ־דוקטנ (אינ גראמ.) | סכום פונ די אסימילירבארע שטאָפנ (אינ גראמנ) | | | סכום פונ קאלאָריעס |
|---|---|---|---|---|---|
| | | ווײַסלעכ | פעטס | קוילנ־הידראטנ | |
| קאָרענע ברויט | 200 | 10,54 | 1,02 | 76.00 | 364,00 |
| ווייצענע ברויט | 200 | 14,70 | 0,78 | 94,26 | 454.00 |
| גרויפנ | 66 | 7,03 | 1,52 | 41,39 | 212,65 |
| רײַז | 6 | 0,32 | 0,05 | 4,47 | 20,08 |
| מאקאראָנעס | 10 | 0,92 | 0,05 | 7,33 | 34,34 |
| מעל צומ קאָכנ | 16 | 1,09 | 0,23 | 8,95 | 43,28 |
| „ קארטאָפלנע | 10 | 0,07 | — | 7,33 | 30,34 |
| פרוכט געטריקנטע | 10 | 0,16 | — | 4,49 | 19,04 |
| צוקער | 50 | — | — | 47,02 | 192,80 |
| אייל | 3 | — | 2,84 | — | 26,73 |
| פרוכט פרישע | 150 | 0,40 | — | 18,60 | 77,85 |
| קארטאָפל | 300 | 3,30 | 0,36 | 41,96 | 189,00 |
| קרויט | 100 | 1,07 | 0,24 | 2,95 | 18,70 |
| מערנ | 75 | 0,42 | 0,11 | 4,02 | 19,27 |
| אנדערע גרינס | 100 | 0,60 | 0,12 | 5,00 | 23,00 |
| סאכאקל פראָדוקטנ פונ געוויקסנ־אָפּשטאמונג | 1 296 | 40,62 | 7,32 | 363,77 | 1 725,12 |
| פוטער | 16 | 0,15 | 13,07 | — | 122,21 |
| פלייש | 60 | 8,96 | 6,28 | — | 95,10 |
| פיש אונ הערינג | 60 | 5,57 | 0,17 | — | 24,42 |
| אייער | 25 | 2,96 | 2,87 | 0,12 | 39,33 |
| מילכ | 200 | 4,93 | 5,71 | 5,88 | 97,7 |
| טוואָרעכ | 40 | 5,53 | 0,24 | 0,88 | 28,4 |
| סמעטענע | 15 | 0,72 | 2,68 | — | 27,89 |
| סאכאקל פראָדוקטנ פונ באַלעכײַמ־אָפּשטאמונג | 416 | 28,87 | 31,02 | 6,88 | 435,05 |
| אלגעמיינער סאכאקל | 1 712 | 69,49 | 38,34 | 370,65 | 2 160,17 |

## נאָרמעס פונ שול־פרישטיקנ פאר קינדער פונ 8 ביז 13 יאָר

| רעשימע פונ די פראָדוקטנ | סכום פונ די פראָ־דוקטנ (אינ גר.) | סכום פונ די אסימילירבארע שטאָפנ (אינ גראמענ) | | | סכום פונ קאלאָריעס |
|---|---|---|---|---|---|
| | | ווײַסלעכ | פעסט | קוילנ־הידראטנ | |
| קאָרענע ברויט . . . . | 50 | 2,64 | 0,26 | 19,00 | 91,1 |
| ווייצענע „ . . | 50 | 3,68 | 0,19 | 23,56 | 113,5 |
| „ מעל . . . . | 3 | 0,28 | 0,03 | 2,12 | 10,1 |
| קארטאָפל־מעל . . | 2 | 0,02 | — | 1,47 | 6,0 |
| גרויפנ, בעבלעכ אא. . | 20 | 1,87 | 0,31 | 13,18 | 64,6 |
| דערינ רײַז . . . . . | (3) | (0,16) | (0,02) | (2,24) | (10) |
| מאקאראָנעס . . . . | 10 | 0,93 | 0,05 | 7,33 | 34,3 |
| קארטאָפל . . . | 60 | 0,66 | 0,07 | 8,39 | 37,8 |
| גרינסנ אונ וואָרצלענ . | 100 | 0,84 | 0,16 | 5,95 | 29,5 |
| פרישע פרוכט אונ יא־געדעס . . . . . | 30 | 0,08 | — | 3,72 | 15,6 |
| טרוקענע פרוכטנ . . . | 2 | 0,03 | — | 0,89 | 3,8 |
| צוקער . . . . . | 10 | — | — | 9,40 | 38,6 |
| אייל אָדער מארגארינ . | 4 | — | 3,78 | — | 35,2 |
| טיי . . . . . . . . | 1 | — | — | — | — |
| קאווע . . . . . . . | 5 | 0,34 | 0,07 | 1,81 | 9,5 |
| סאכאקל פראָדוקטנ פונ געוויקסנ־אָפּ־שטאמונג . . . . | 347 | 11,37 | 4,92 | 96,82 | 489,6 |
| פלייש אונ פלייש־פראָ־דוקטנ . . . . . | 25 | 3,86 | 2,33 | — | 37,4 |
| פיש . . . . . . . | 33 | 4,02 | 0,99 | — | 25,6 |
| מילכ אונ מילכ־פראָדוקטנ איבערפירנדיק אפ מילכ | 207 | 4,68 | 6,19 | 2,4 | 86,6 |
| דערינ : | | | | | |
| מילכ . . . . . | (50) | (1,64) | (1,91) | (1,97) | (32,5) |
| פוטער . . . . . | (4) | (0,04) | (3,27) | — | (30,6) |
| טוואָרעכ . . . . | (20) | (2,76) | (0,12) | (0,43) | (14,2) |
| סמעטענע . . . . | (5) | (0,26) | (0,89) | — | (9,3) |
| אייער . . . . . . . . | 3 | 0,36 | 0,34 | 0,01 | 4,7 |
| סאכאקל פראָדוקטנ פונ באלעכײַמ־אָפּ־שטאמונג . . . . | 268 | 12,92 | 9,85 | 2,41 | 154,3 |
| אלגעמיינער סאכאקל | 615 | 24,29 | 14,77 | 99,23 | 643,9 |

עס איז אָבער פעסטגעשטעלט געוואָרנ וויפל ענערגיע דער קערפער פאַר־
נוצט אינ מעשעכ פונ א מעסלעס בא פארשיידענער גרייס אונ וואָג, בא פארשיידענעמ עלטער, בא פארשיידענער ארבעט.

ווייסנדיק די דאָזיקע ענערגיע־פארווענדונג, קאָנענ מיר באשטימענ דעמ סכומ ווײַסלעכ, פעטס אונ קוילנהידראַטנ, וועלכע מע מוז דורכ די שפּײַז־פּראָדוקטנ געבנ דעמ קערפער, קעדיי צו דעקנ די דאָזיקע אויס־גאַבנ.

די ענערגיע ווערט געמאָסטנ אינ וואַרעמקייט־איינסנ, אינ קאַלאָרי־עס (פונעמ לאַטייניש וואָרט „קאַלאָר" — וואַרעמקייט). דער סכומ וואַרעמקייט, וועלכער איז נייטיק, קעדיי אָנצוּוואַרעמענ 1 קילאָגראַמ (1 ליטער) וואַסער אפ איינ גראַד (צעלזי), באַטרעפט 1 גרויסע קאַלאָריע.

בא קינדער גייט פאַרהעלטנישמעסיק אַוועק (רעכענענדיק אפ א קי־לאָגראַמ קערפּערוואָג) א סאַכ מער ענערגיע ווי בא דערוואַקסענע. דאָס איז סײַ צוליבנ אָפּגעבנ מער וואַרעמקייט דורכ דער הויט סײַ צוליב דער שטאַרקער באַוועגלעכקייט, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרנ קינדער־עלטער. אַכוץ דעמ שפּילט א גרויסע ראָליע דאָס שטענדיקע וואַקסנ פונ זייער קערפּער. צוליב דער אַנטוויקלונג פונ קערפּער איז נייטיק אימ צושטעלנ שפּײַז פונ א באַשטימטנ סכומ אונ קוואַלי־טעט. מיר זעענ (אפ דער טאַבעלע 2), אַז קינדער אינ פאַרשול־עלטער דאַרפנ באַקומענ אפ יעדנ קילאָגראַמ קערפּערוואָג צוויי מאָל מער קאַ־לאָריעס, ווי א דערוואַקסענער מענטש, אינעמ שול־עלטער (ביז 12 יאָר) אָנדערהאַלבנ מאָל מער.

א פאָרשול־קינד פונ 5 יאָר דאַרפ באַקומענ שפּײַז אפ 1400, א שילער פונ 10 יאָר — 1800, פונ 12 יאָר — 2200 גרויסע קאַלאָריעס.

די אויסגערעכנטע סכומענ באַקומענ דערוואַקסענע קינדער דורכ ווײַסל, פעטס אונ קוילנהידראַטנ, וועלכע געפינענ זיכ אינ פארשיידענע פּראָדוקטנ פונ באַלעכײַימ אונ געוויקסנ. אונדזער דערנערונג דאַרפ זײַנ א געמיש פונ די דאָזיקע דרײַ מיניומ שטאָפנ.

דער ענערגיע־ווערט פונ די דאָזיקע דרײַ מיניומ שטאָפנ איז:

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 גראַמ רייִנע ווײַסל גיט | 4,1 | גרויסע קאַלאָריעס |
| " " " קוילנ־הידראַטנ | 4,1 | " " |
| " " " פעטס | 9,3 | " " |

די אָנגעגעבענע (אינ די טאַבעלעס) סכומענ פונ די דאָזיקע דרײַ

שטאָפּנ פאַר יעדנ עלטער דאַרפנ ווערנ אָפּגעהיט. עס איז ניט געווינטשנ צו פאַרבײַטנ איינ שטאָפ מיטנ אַנדערנ מער ווי אַפ 25 פּראָצ. דער אַלגעמיינער סכומ קאַלאָריעס דאַרפ אָבער דערבײַ ניט געמינערט ווערנ.

אַכוצ דעמ דאַרפ מענ אָבער האָבנ אינ זינענ, עס זאָלנ בלײַבנ יענע שפּײַזנ, וועלכע שטעלנ צו די פאַרשיידענע וויטאַמינענ אונ מינעראַל־זאַלצנ (דעריקער מילכ, פּוטער, גרינס, פּרוכט). באַרעכענענ דעמ קאַלאָריע־אינהאַלט (קאַלאָראַזש) פונ דער דערנערונג איז גאַנצ לײַכט. דאָס קאָנ מענ זענ פונ די פאָלגנדיקע טאַבעלע פונעמ קינדער־ראַציאָנ (паек) · וויסנדיק, לעמאַשל, אַז 200 גראַמ קאָרענע ברויט (ערשטע שורע פונ ראַציאָנ פאַר 8—13 יאָר) פאַרמאָגט ווײַסל 10,54 גראַמ, פעטס — 1,02 גר. אונ קוילנהידראַט — 76 — קייפלענ מיר עס אַפ די אַנטשפּרעכיקע צאָלנ קאַלאָריעס, וואָס עס גיט יעדער גראַמ פונ די שטאָפנ, אונ לייגנ דערנאָכ צונויפ:

$(10{,}54 \times 4{,}1 + (1{,}02 \times 9{,}3) + (76 \times 4{,}1) = 363{,}86$), באַקומענ מיר קימאַט 364 קאַלאָריעס. אַזאַ סכומ קאַלאָריעס גיבנ אונדז 200 גראַמ קאָרענע ברויט.

באַטראַכטנדיק גענויער די ראַציאָנ־טאַבעלע, זעענ מיר, אַז די פּראָדוקטנ זײַנענ דאָ אײַנגעטיילט אינ צוויי גרופּעס: פּראָדוקטנ, וועלכע שטאַמענ פונ געוויקסנ, אונ פּראָדוקטנ, וואָס שטאַמענ פונ באַלעכײַימ. דאָס איז דערפאַר, וואָס די פּראָדוקטנ פונ די באַלעכײַימ שטייענ העכער פונ די געוויקסנ־פּראָדוקטנ סײַ מיט דער לײַכטערער פאַרדײַלעכקײַט סײַ מיט דעמ, וואָס זיי ווערנ מער אויסגענוצט אינ אונדזער אָרגאַניזמ. דער נער־ווערט פונ אַ פּראָדוקט הענגט אָפּ ניט נאָר פונ דעמ סכומ דערנער־שטאָפנ, וועלכנ ער פאַרמאָגט, נאָר אויכ פונ דעמ פּראָצענט דערנער־שטאָפנ, וועלכער ווערט פאַרדײַט, אַרײַנגעזאַפּט אונ פאַרווענדט אינעמ קערפּער. דאָס ווײַסל פעטס אונ קוילנהידראַט פונ פלייש, פיש, מילכ, פּוטער, קעז, אייער אאַ. ווערנ קימאַט פולקומ פאַרווענדט (אַסימילירט) אינ אונדזער קערפּער. פונ ברויט, רײַז, אַרבעס, שוועמלעכ, ניס אאַ. ווערנ די דערנערונג־שטאָפנ פאַרווענדט נאָר אַפ 50—80 פּראָצ. די איבעריקע גייענ לעיִבעד.

דער גרויסער אומפאַנג פונ געוויקסנ־שפּײַז אונ דער גרויסער סכומ הײַטלעכ (צעלולאָזע), וואָס זיי אַנטהאַלטנ, קאָנ באַמ אויסשליסלעכנ

באַנוצן די געוויקסן־דערנערונג רייצן די געדערים און שאַפן א סך גאַזן, וועלכע בלאָזן אויף דעם בויך.

די געוויקסן־פּראָדוקטן דאַרפן אומבאַדינגט פאַרנעמען א בעקאָוועדיקן אָרט אין דער דערנערונג פון קינדער: זיי שטעלן צו די נייטיקע סכומען קוילנהידראַטן, די פאַרשיידענע מינים וויטאַמינען און מינעראַלשטאָפן; זיי טאָרן אָבער בעשום־אופן ניט זיין דער אויסשליסלעכער דערנערונג־מאַטעריאַל. די פּראָדוקטן פון באַלעכייִים זיינען פאַר אונדז די רייכסטע קוואַלן פון דעם פולווערטיקן וויסל און פעטס. * זיי זיינען באַזונדערס נייטיק דעם וואַקסנדיקן אָרגאַניזם, זייער אָרט אין דער קינדער־דערנערונג מוז ווערן געזיכערט. ניט ווייניקער ווי 40—50 פּראָצ. פון דעם וויסל, וועלכן קינדער דאַרפן באַקומען, מוז זיין פון פּראָדוקטן פון באַלעכייִים.

די מעסלעס־ראַציאָנען, וועלכע מיר גיבן דאָ אָן פאַר פאַרשול־קינדער (4—7 יאָר), און פאַר יינגערע שילער (8—13 יאָר), ווי אויך די נאָרמעס פאַר שול־פרישטיקן האָט צוזאַמענגעשטעלט דער צענטראַלער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט פאַר געזעלשאַפטלעכער דערנערונג (מאָסקווע). די דאָזיקע אָנגאַבן דאַרפן העלפן אָריענטירן זיך באַם פּלאַנירן די דערנערונג אין די קינדערגערטנער און שולן און באַם צוזאַמענשטעלן דעם מעניו.

די נאָרמעס זיינען דורכשניטלעכע, אין פאַרגלייך מיט דער טאַבעלע איז דאָ אָנגעגעבן א ביסל ווייניקער פעטס, דערפאַר מער וויסל און קוילנהידראַטן. דער אַלגעמיינער קאַלאָראַזש פאַר א מעסלעס איז אויך א ביסל פאַרגרעסערט.

פאַר די פאַרשול־קינדער איז אָנגעמערקט א ביסל מער מילך, ווי פאַר די שול־קינדער (8 ביז 13) און ווייניקער ברויט און קאַרטאָפל. זייער ראַציאָן שיידט זיך אונטער אויף 400 קאַלאָריעס, (בערעך 1800 און 2200). דער סכום קאַלאָריעס פאַר עלטערע שילער (יוגנטלעכע פון 14—17) דאַרף זיך גאַנץ ווייניק אונטערשיידן פונעם ראַציאָן פאַר דערוואַקסענע (2800 קאַלאָריעס). עס מוז אָבער מער געזאָרגט

* פולוועריטיקע וויסלען הייסן אַזוינע וויסלען, וואָס פאַרמאָגן אַלע וויסל־טיילן, וואָס זיינען נייטיק פאַרן וווּקס פונעם קערפּער. פולוועריטיקע פעטסן זיינען יענע, וועלכע פאַרמאָגן פאָספאָר. זיי געפינען זיך דעריקער אין די באַלעכייִים־פּראָדוקטן, אָבער אויך אין באַשטימטע געוויקסן־פּראָדוקטן (בעבלעך, גריבער ארבעס אא.).

ווערן פאר א גענוגיקן סכום פון פולווערטיקע פראָדוקטן (פלייש, מילך, אויבס).

דאָס קינד דארף עסן 4 מאָל א טאָג, מיט א 3—4 שאָ֫עקן איבערײַס פון איין מאָל ביזן צווייטן, אמבעסטן אפ אזא אופן:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פרישטיק — | א זייגער | 7½ — 8 אינדערפרי | . 20 | פראָצ. פונעם מעסלעס-ראציאָן. |
| מיטיק | " | 12 באטאָג | 40 . . . . . | " " " " |
| נאָכמיטיק-טיי | " | 4 " | 15 . . . . . | " " " " |
| אָוונטברויט | " | 7 אינאָוונט | 25 . . . . . | " " " " |

די דאָזיקע שאָען פארן עסן קאָנען מיר אָבער פינקטלעך דורכפירן נאָר אין געשלאָסענע אנשטאלטן (אינטערנאטן), ווי קינדערהײַזער, אָדער קינדערגערטנער, וווּ די קינדער פארברענגען 12 שאָ און מער און דארפן באקומען אלע פיר מאָלצײַטן. אין די קינדערגערטנער מיט אן 8-שאָ֫עקן ארבעטסטאָג באקומען די קינדער דרײַ מאָל עסן; פרישטיק — אזייגער 8—9, מיטיק — אזייגער 12—1, נאָכמיטיק-טיי — אזייגער 4, לויט דער זעלביקער פארטיילונג (פראָצ. פון ראציאָן). די אָנגעמערקטע שאָען קאָנען אָבער געענדערט ווערן, רעכנענדיק זיך מיט דער דערנערונג פון די קינדער אין דער היים. דער פרישטיק מוז שטענדיק זײַן א מערוויייניק פעסטער און מע קאָן זיך ניט באַגרענעצן בלויז מיט טיי און הוילן ברויט. נאָר בײַ א גרינטלעכן פרישטיק קאָנען און דארפן פאָרשול-קינדער ווארטן 3½—4 שאָ ביזן מיטיק, וועלכער דארף זײַן גענוג נארהאפט.

אין קינדערגערטנער, וווּ די קינדער באקומען ניט קיין אָוונטברויט, דארף דער נאָכמיטיק-טיי אנטהאלטן מער ווי 15 פראָצ. פונעם מעסלעס-ראציאָן (250—450 קאלאָריעס). אָוונטברויט (אין דער היים) דארפן זיי באקומען ניט שפעטער פון 7 אינאָוונט. דאָס איז זייער לעצטער מאָלצײַט, וועלכער דארף זײַן א לײַכטער און פארמאָגן ווייניק פליסיקײַט.

די שול-קינדער פון דער ערשטער שטופע, וועלכע לערנען זיך אין דער ערשטער וואכטע, דארפן פארן אוועקגיין פון דער היים (7½—8) אומבאדינגט פרישטיקן. אין שול דארפן זיי באקומען דעם צווייטן פרישטיק, ביים דער גרויסער האפסאָקע (10—11) און אין דער היים — עסן מיטיק אזייגער 2 — 3 און אָוונטברויט — אזייגער 6—7.

די שילער פונ דער צווייטער וואכטע, דאָסראָוו פונ דער צווייטער שטופּע, באקומענ דעמ שול-פרישטיק (מיטיק) ביימ דער גרויסער האפּ-סאָקע (אזייגער 3½—4½). די שול-פרישטיקנ אָדער מיטיקנ דארפנ אנטהאלטנ ניט ווייניקער ווי 25—30 פּראָצענט פונעמ מעסלעס-ראַ-ציאָנ. מע דארפ שטרעבנ, אז די שילער פונ די עלטסטע גרופּעס, וועלכע פארברענגענ אינ שול מער ווי 5 שאָ, זאָלנ דאָרטנ באקומענ 2 מאָל עסנ.*

פארשטייט זיכ, אז ניט אלע פּראָדוקטנ פונ דער ראציאָנ-טאבעלע קאָנענ אונ מוזנ יעדנ טאָג באנוצט ווערנ. עס דארפנ אָבער אָפּגעהיט ווערנ די סכומענ פונ ווייַסל, פעטס אונ קוילנהידראטנ אונ דער אלגע-מיינער קאלאָריעס-אינהאלט. פעלנ אייניקע פּראָדוקטנ, דארפנ זיי פאר-ביטנ ווערנ מיט אנדערע, וועלכע האָבנ א ענלעכנ צוזאמענשטעל. עס איז געווונטשנ, אז מע זאָל דעמ מעניו צוזאמענשטעלנ אפ עטלעכע טעג. וועגנ דעמ, ווי אונ וואָס עס איז נייטיק צו ענדערנ אונ מיט וואָס פארבייַטנ, מוז מענ זיכ פארשטענדיקנ מיטנ דאָקטער.

מע מוז זענ דורכצופירנ, וואָס מער פארשיידנארטיקייַט פונעמ עסנ. מע דארפ זענ, אז עס זאָלנ זיכ צו אָפט ניט איבערכאזערנ די זעלביקע שפּייַז-פּראָדוקטנ. אנ איינארטיקע דערנערונג דערעסט די קינדער אונ ווערט שלעכט פארדייַט. א וויכטיקער באדינג פאר ריכטיקער דערנערונג איז אויכ די געשמאקייַט פונ עסנ. ניט געשמאקע שפּייַז, ווי נארהאפט זיי זאָלנ ניט זייַנ, עסנ די קינדער ניט גערנ, זי ווערט אויכ ערגער פאר-דייט. באטאמטע שפּייַז עסנ די קינדער אופ מיט גרויס אפּעטיט אונ עס ווערט בעסער אונ גיכער פארדייט.

אפ צו פארבעסערנ דעמ געשמאק פונעמ עסנ טוט מענ דאָסראָוו אריינ פארשיידענע געווירצנ אונ שארפע צוגאָב-מיטלענ, ווי, לעמאשל, כריינ, עסיק, פעפער, זענעפט, ציטרינג, נעגעלעכ, לאָרבער-בלעטער, וואניל, שאפראנ אונ אנד. אינ דער קינדער-דערנערונג דארפ מענ וואָס ווייניקער זיכ באנוצנ מיט די דאָזיקע מיטלענ. זיי קאָנענ רייצנ דעמ מאָגנ, די לעבער, די נירנ אא. אונ די געשמאקייַט פונעמ עסנ פארנ קינד דארפ מענ בעסער זענ דערגרייכנ דורכנ געהעריקנ אויסוואל פונ די פּראָדוקטנ אונ דורכ צופּרעגלענ, צוגעבנ גרינס, פרוכט, שוועמלעכ, דורכ

* שוואכע שול-קינדער אונ גאנצע גרופּנ (סאנאטאָרישע גרופּנ) באקומענ שוינ (אינ מאָסקווע) 2 מאָל עסנ אינ שול.

מאכן זיך אָדער צעוואַלצן און דורך ענלעכע פּאָשעטע קולינאַרע מיטלען.

מע דאַרף אויך אין דער היים זען אָפּצוהיטן די צײַט פֿאַרן עסן. דאָס דיסציפּלינירט און אָרגאַניזירט דעם קינדס לעבן, גיט אַ מעגלעכ־קײַט צו באַוואָרענען די סאַניטאַר־היגיִענישע באַדינגונגען בײַם עסן און רעגולירט די טעטיקײַט פֿון די פֿאַרדײַונג־אָרגאַנען.

צווישן איין מאָלצײַט און אַנדערן דאַרף מען די קינדער גאָרנישט ניט געבן עסן, ביפֿראַט צוקערקעס, וועלכע פֿאַרשלאָגן אינגאַנצן דעם אַפּעטיט, אָבער אַפֿילו פֿרוכט און גרינס דאַרפֿן ניט פֿאַרנעמען דאָס אָרט פֿון די קאַלאָריעס־רײַכע פּראָדוקטן. פֿרוכט און זיסע זאַכן איז גלײַכער געבן טייקעף נאָכן עסן. זיי פֿאַרשטאַרקן די אויסשיידונגען פֿון די פֿאַר־דײַונג־זאַפֿטן און פֿאַרגיכערן און פֿאַרלײַכטערן אַזוי אַרום דאָס איבער־קאָכן פֿונעם עסן. דערפֿאַר איז זייער געוווּנטשן צו געבן די קינדער אַ דריטע שפּײַז פֿון פֿרוכט, זיסע געבעקס אאַז״וו.

די הפֿסקות צווישן די מאָלצײַטן דאַרפֿן צוגעפּאַסט ווערן צום עלטער.

זייער שטרענג דאַרפֿן בײַ דער געזעלשאַפֿטלעכער דערנערונג אין די קינדער־אַנשטאַלטן אָפּגעהיט ווערן די סאַניטאַר־היגיִענישע באַדינגונ־גען. נאַכלעסיקײַט אין דעם דאָזיקן געביט קען מיטהעלפֿן פֿאַרשפּרייטן אָנשטעקנדיקע קראַנקײַטן.

די מינימאַלע פֿאָדערונגען זײַנען פֿאָלגנדיקע:

אין קיך דאַרפֿן די פּאָדלאָגע, ווענט, מעבל און קיילים זײַן פֿולקום זויבער. די פּאָדלאָגע קערט מען אויס מיט אַ באַרשט און מיט פֿײַכטע זעגעכץ (זעגשפּענער). נאָכן אויסקערן נעמט מען עס צו.

טאָגטעגלעך דאַרף מען נאָך און פֿאַר דער אַרבעט וואַשן די פּאָדלאָגע. איין מאָל אין 6 טעג דאַרף געמאַכט ווערן אַ גרינטלעכע רייניקונג (סו־פֿיט, ווענט, פֿענצטער).

אויב אין קיך ליגט האָלץ אָדער קוילן צום הייצן, דאַרף עס גע־האַלטן ווערן אין ספּעציעלע פֿאַרמאַכטע קעסטלעך. אין קיך טאָר מען ניט האַקן קיין האָלץ און קיין קוילן.

אין דער וואַרעמער צײַט מוזן די פֿענצטער זײַן אָפֿן, אָבער אומבאַ־דינגט געשיצט מיט אַ נעץ פֿון מאַרלע אָדער דראָט קעגן דעם אַרײַנ־דרינגען פֿון פֿליגן און שטויב.

די שמוציקע ארבעט ארום די פּראָדוקטן ווערט אָפּגעטיילט פון דער ריינער (אין אַ באַזונדערן צימער, אָדער אין אַן אַנדער צייט).

די טישן און בענק, וווּ מע גרייט צו די פּראָדוקטן, דאַרפֿן זיין גלאַט אָפּגעהובלט און אָן שפּאַלטן. אַלע טאָג ווערן זיי נאָך דער ארבעט אָפּגעוואַשן מיט הייס וואַסער.

די קיך־קיילים דאַרף מען וואַשן אין צוויי וואַסערן.

קיך־קיילים, וואָס זיינען פון אינווייניק אָפּגעריבן (רויטלעכער אויסזען) טאָר מען ניט באַנוצן. אין געצינקטע קיילים טאָר מען ניט קאָכן און ניט האַלטן קיין שום עסנוואַרג.

אין קיך דאַרף מען איינאָרדענען אַ געהעריקע אָרטיקע ווענטיליאַציע, לעמאָשל, אַן עלעקטרישע.

זייטיקע מענטשן דאַרפֿן זיך ביכלאַל ניט געפינען אין קיך. אַריינקומען אַהער דאַרף מען אויסשליסלעך אין אַ כאַלאַט.

אַלע ערטער, וווּ עס געפינען זיך פּראָדוקטן, דאַרף מען האַלטן ריין און געלופטערט. עס טאָר דאָרט ניט זיין פייכט.

מעל, צוקער, גרויפן, זאַלץ און אַנדערע פּראָדוקטן דאַרף מען האַלטן אין זעק. מע טאָר אָבער די זעק ניט לייגן אויף דער ערד, נאָר אויף ברעטער, ניט נידעריקער פון אַ פערטל מעטער איבער דער ערד.

ברויט דאַרף מען האַלטן אויף אַ ליכטיקן אָרט, אויף אַ פּאָליצע, שטאַרק אָפּגערוקט פון דער וואַנט, מיט אַן אָרדענונג, ניט געשליידערט.

פלייש האַלט מען אין אַ קאַלטן אָרט, אויפגעהאַנגען, עס דאַרף זיך אָבער ניט באַרירן מיט דער וואַנט. אויפן הויל אייז אָדער אויף דער ערד טאָר מען קיין פרישע אָדער געפראָרן פלייש ניט לייגן. פיש דאַרף מען האַלטן אין אַ קאַלטן אָרט, געשיצט פון דער זון און פאַרפּאַקט.

וואָרצלען און וואָרצל־פרוכט (קאַרטאָפל, מערן, ציבעלע אאַז״וו.) האַלט מען אין קאַסטנס און מע קלייבט זיי אויפט איבער.

די פּראָדוקטן דאַרף מען אין סקלאַד און באַזונדערס פאַרן באַנוצן זיי אין קיך אָפט קאָנטראָלירן און איבערקלייבן.

קעגן פליגן קעמפט מען מיט פענצטער־נעצן (מאַרלע) און פליגן־פּאַפּיר.

קעגן פרייסן און קעגן מייז פאַרהיט מען זיך דורך פאַרהאַקן אַלע שפּאַלטן און מיט כימישע מיטלען.

גיפטיקע מיטלען קעגן מייז קאָנען אָנגענומען ווערן נאָר דורך ספּעציאַליסטן, וועלכע עס שיקט די סאַניטאַרע אָרגאַניזאַציע.

דער בעסטער מיטל קעגן אינזעקטן און מײַז איז האלטן אלץ ריין, ניט האלטן אָפּן און ניט לאָזן אָנזאמלען זיך אָפּפאל־שטאָפּ און מיסט.

דער עסצימער מוז געהאלטן ווערן זייער זויבער. אלע טאָג מוז מען וואשן די פּאָדלאָגע מיט הייס וואסער. דאָס מעבל דארף מען אלע טאָג אָפּווישן מיט א ריינער, פײַכטער טוך און אָפּוואשן מיט הייס זייפיק וואסער, ניט זעלטענער ווי איין מאָל אין כוידעש.

די עס־טישן דארף מען באדעקן מיט א צעראטע, וועלכע דארף גע־וואשן ווערן מיט הייס זייפיק וואסער נאָך יעדער וואכטע עסערס.

מע טאָר ניט לייגן אָפּן עס־טיש קיין היטלען, טיכלעך אדג.

מע טאָר אין עסצימער ניט שפּײַען אָפּ דער ערד און ניט רייכערן.

דער שפּײַז־זאל דארף ווערן גוט געלופטערט. די פּאָדלאָגע דארף מען אופראמען מיט א פײַכטער טוך אָדער אויסשפּריצן מיט וואסער.

דאָס מעבל אינעם שפּײַז־זאל דארף לויט דער הייך און גרייס זײַן צוגעפאסט צום עלטער און וווּקס פון די קינדער.

אין די שפּײַז־זאלן טאָר מען ניט וווינען אָדער נעכטיקן.

מע טאָר ניט ארײַנגיין אין די אויבער־בעגאָדים. פאר ן ארײַנגיין דארף מען גוט אָפּרייניקן די פיס.

מע מוז באוואָרענען די מעגלעכקײַט צו וואשן די הענט פאר ן עסן.

באַם וואשן דאָס טיש־געשיר רייניקט מען זיי אפריער אויס פון די שפּײַז־רעשטלעך, נאָכדעם וואשט מען זיי אויס און מע שווענקט אָפּ מיט הייס וואסער.

דאָס אויסגעוואשענע געשיר קערט מען איבער, נאָכן אָפּטריקענען זי דעקט מען עס צו מיט ריינע טיכער און אָפּ באנאכט באהאלט מען עס אין פארמאכטע שאפעס.

דער גאנצער פּערסאָנאל, וועלכער באדינט די קינדער אין גאָרקיכ (קיכ, שפּײַז־זאל) דארף זיך האלטן ריין, באזונדערס די הענט און די נעגל, דעם קאָפּ און פּאָנעם. די האָר דארפן זיך געפינען אונטער א ספּעציעל ריינעם טיכל (אָדער ווײַסן לײַוונטענעם היטל). די נעגל דארפן זײַן פּינקטלעך ארומגעשניטן.

באַ דער ארבעט טראָגט דער פּערסאָנאל זײַן ספּעצקליידונג. אין די שטוביקע קליידער טאָרן זיי דאָ ניט ארומגיין.

באַם אָנקומען אָפּ דער ארבעט און יעדן כוידעש מוזן אלע, וואָס ארבעטן אין גאָרקיכ, דורכגיין א מעדיצינישע אונטערזוכונג.

דער פראגע פונ קינדער־דערנערונג אינ די קינדער־אנשטאלטנ ווערט אינ ראטנלאנד אפגעגעבנ די גרעסטע אופמערקזאמקײט.

פארנ ערשטנ פינפיאר זײנענ פארצייכנט געװארנ קאלאסאלע דערגרייכונגענ אפנ דאזיקנ געביט, באזונדערס אינ די אינדוסטריעלע צענטערס און אפ די נײ־בױונגענ. ניט געקוקט אבער אפ די אנװײזונגענ פונעמ צק אלקפ(ב) וועגנ דער נייטיקײט צו פארבעסערנ די קינדער־דערנערונג און באװארענענ אלע שולנ מיט הייסע פרישטיקנ (באשלוס פונ 21 אפרעל 1932 ), שטויסנ מיר זיכ דאכ נאכ ניט זעלטנ אנ אפ א ניט־דערשאצנ די דאזיקע וויכטיקע מאסמיטלענ מיצאד פארשיידענע אנשטאלטנ און פערזאנענ. אינ א סאכ שולנ פעלנ נאכ הייסע פרישטיקנ. ניט זעלטנ ווערט די געזעלשאפטלעכע דערנערונג פונ די קינדער ארגאניזירט נאר פארמעל, פונ יויצע וועגנ, אנ שום זארג און אכרײעס פארנ סכום און פאר דער קוואליטעט פונ דער דערנערונג און פאר די געהעריקע סאניטאר־היגיענישע באדינגונגענ, אינ וועלכע זי דארפ דורכגעפירט ווערנ.

נאכנ דערפאלגרײכנ דורכפירנ די אלגעמיינע בילדונג, געפינענ זיכ אינ די שולנ אלע קינדער פונעמ שול־עלטער; בא דער ברייטער מאסנ־ארגאניזירונג פונ דער פארשול־דערציונג וועלנ די קינדערגערטנער אינגיכנ ארײננעמענ דעמ גרעסטנ טייל קינדער פונ פארשול־עלטער און די דאזיקע אנשטאלטנ קאנענ און דארפנ זײנ די וויכטיקסטע באזעס פאר דער קינדער־דערנערונג.

חאס באװארענענ א באפרידיקנדיקע דערנערונג פאר דער קינדערשער באפעלקערונג איז איינע פונ די וויכטיקסטע מאסמיטלענ, וועלכע פארבעסערנ די לעבנ־באדינגונגענ פונ דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג און א נייטיקער פארבאדינג פאר דער נארמאלער קאמוניסטישער דערציונג פונ א געזונטנ דאר, פאר א הויכער קוואליטעט פונ לערנענ.

שטיצנדיק זיכ אפ די באשלוסנ פונ צק אלקפ(ב) און פונ דער רעגירונג, וועלנ די לערער, דאקטוירימ און עלטערנ־אקטיוויסטנ בא זייערע ווײטערדיקע ענערגישע באמיונגענ אפ דעמ דאזיקנ געביט שטענדיק מוזנ געפינענ דעמ געהעריקנ אפקלאנג און אונטערשטיצונג מיצאד די פארטייִשע און קאמיוגישע ארגאניזאציעס, מיצאד די ראטנ־ארגאנענ און דער גאנצער פראלעטארישער געזעלשאפטלעכקײט.

---

## V. סאַניטאַרער מינימום אין לערנ־דערציִערישע קינדער־אַנשטאַלטן

קעדיי צו הייבן די קולטור פונעם לאַנד, האָט דער ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן פון רספסר (דעם 20־טן מיי 1930) אָנערקענט פאַר נייטיק דורכצופירן די פאַשעטסטע סאַניטאַרע פאַרגעזינטערונג־מאָס־מיטלען אפן גרונט פונעם ברייטן אָנטייל פון די אַרבעטנדיקע מאַסן. דער פאָלקס־קאָמיסאַריאַט פאַר געזונט־פאַרהיטונג האָט אויסגעאַרבעט אַזאַ מינימום אויך פאַר די שולן, קינדערגערטנער, קינדער־פלעצער אאַוו. עס איז אַ באַשטימטער סכום פון סאַניטאַר־היגיִעניש פאָדערונגען, וועלכע זיינען לאַכלוטן נויטווענדיק אַפ צו זיכערן די נאָרמאַלע אַרבעט פון אַ קינדער־אַנשטאַלט.

מיר גייען אַריבער צו די איינצלנע פונקטן.

ערדבײלעק. הויף. יעדע שול אָדער קינדערגאָרטן מוז האָבן אַ גרעסערן ערדבײלעק, אָן וועלכן עס איז אומעגלעך דורכצופירן די אַלזײטיקע פאָליטעכנישע בילדונג און פיזישע דערציִונג פון די קינדער.

אין די נייע שטעט און באַם איבערבויען אַלטע שטעט ווערן שוין פאַרבראָנירט גרעסערע שטעכן ערד פאַר די קינדער־אַנשטאַלטן.

דער מינימום, וועלכער פאָדערט זיך אפילע באַ אַלטע אַנשטאַלטן, איז אַ האַלבער העקטאַר סיי פאַר אַ שול סיי פאַר אַ קינדערגאָרטן אין שטאָט, 2 הא פאַר אַ דאָרפישער שול.

דער ערדבײלעק דאַרף זיין ריין פון מיסט, פאַרזייט מיט גראָז אָדער גוט אײַנגעטראַמבירט. עס מוז געזאָרגט ווערן, אַז דאָס וואַסער זאָל קאָנען אָפפליסן.

אויב באַ דער שול אָדער באַם קינדערגאָרטן איז אומעגלעך אויס־צוטיילן אַ גרעסערן פּלאַץ, מוז מען באַוואָרענען פאַר די קינדער דאָס באַנוצן זיך מיט די שכייניש סקווער אָדער פאַרקן.

דער פּלאַץ פונעם קינדער־אַנשטאַלט דאַרף זיין פאַרצוימט. באַ

שטויביקע גאַסן, וועגן, שאָסייען איז געווונטשן אַרומצוימען די געביידע מיט ביימער, אָבער נישט צו נאָענט פון דער געביידע, זיי זאָלן ניט פאַרשטעלן די זון.

צימערן. 1. קעלער־לאָקאַלן טאָר מען בשום־אופן ניט באַנוצן פאַר קיין לערן־און דערציִערישע צוועקן, אַפילו פאַר קיין הילף־צימערן (קלאָזעט, וואַש־צימער אאַז.). אין האַלב־קעלערדיקע עטאַזשן קאָן דערלאָזט ווערן אויסשליסלעך עסצימערן און קליידער־צימערן.

2. שולן און באַזונדערס קינדערגערטנער איז געווונטשן איינצואָרדענען ניט העכער ווי אויפן צווייטן שטאָק.

3. די צימערן, וווּ די קינדער לערנען זיך, אַרבעטן, שפּילן און שלאָפן, דאַרפן זיין געניג זוניק (דאָרעם, דאָרעם־מיזרעך, דאָרעם־מיזרעך). אויב די קינדער האָבן אַ באַזונדערן שלאָפצימער פאַרן באַטאָגיקן שלאָף, קאָן עס זיך לעסבריירע געפינען אויך אויף ניט קיין זוניקער זייט.

4. אין יעדן קינדערגאָרטן, באַזונדערס אין אַזאַ, וווּ עס זיינען דאָ נאַכט־גרופּעס, און אין יעדן קינדערהיים אָדער שול־אינטערנאַט מוז מען אויסטיילן אַ באַזונדערן צימער פאַר אַן איזאָליאַטער. דאָרטן דאַרף מען האַלטן קינדער, אויף וועלכע ס'איז פאַראַן אַ חשד אויף אַן אָנשטעקנדיקער קראַנקייט, קעדיי זיי זאָלן — ביזן ענדגילטיקן פעסטשטעלן — ניט אָנשטעקן די איבעריקע קינדער.

אַזאַ צימער דאַרף האַלטן בערעך 8—10 קוואַדראַט־מעטער. דאָרטן מוזן שטיין גרייט צוויי בעטלעך מיט בעטגעוואַנט און וועש, אַ טישל, צוויי בענקלעך און אַ וואַש־טישל, וואַסער, זייף און צוויי האַנטעכער.

5. אין יעדן קינדער־אַנשטאַלט דאַרף זיין אַ ספּעציִעלער צימער מיט הענגערס פאַר די אויבער־בעגאָדים און היטלען און מיט קעסטלעך פאַר די קאַלאָשן. אין קיין אַנדער אָרט טאָרן זיך די דאָזיקע זאַכן ניט געפינען. עס ווערט קיינעם ניט דערלויבט (סיי קינדער סיי דערוואַקסענע) אַרומצוגיין אין שול אָדער קינדערגאָרטן אין די אויבער־בעגאָדים אָדער קאַלאָשן.

6. אין די וואַש־צימערן אָדער אין די קאָרידאָרן דאַרפן זיך געפינען וואַש־טישן, לעכאָל־הפּאָכעס צו איין קראַן אויף 20 שילער אָדער אויף 10 פאַרשול־קינדער.

7. די גרייס פון אַ קלאַסן־צימער דאַרף זיין בערעך 50 קוואַדראַט־

מעטער. אלנפאלס מוז אויסקומען ניט ווייניקער פון 1 קוו. מעטער אפ א קינד אין די יינגערע קלאסן, 1¼ קוו. מעטער אין די עלטערע.

8. אין די גרופעס־צימערן (אין קינדערגארטן) דארף אויסקומען ניט ווייניקער פון 2 קוו. מעטער אפ א קינד.

9. אין די שלאפצימערן פאר די נאכט־גרופעס (קינדערגארטן) מוז אויסקומען ווייניקסטנס דריי קוו. מעטער אפ א קינד. אין די קינדערהיימען פאר די יינגערע שילער — 4. פאר די עלטערע — 5 קוו. מעטער אפ א קינד.

10. אין אויבערשטן טייל פון אלע פענצטער מוזן זיין איינגעארדנט אויבער־לופטן, ווייניקסטנס — פארטקעס.

11. אכוץ דעם דארפן אין די לערן־, ארבעט־און שלאפצימערן איינגעארדנט ווערן אויסצי־עפענונגען פאר ווענטיליאציע.

12. אלע פענצטער דארפן זיך גוט עפענען. אפ ווינטער דארף מען אין יעדן צימער איין פענצטער לאזן ניט פארקלעפט. די טאפלטע פענצטער דארפן זיך אויך גוט עפענען.

13. אפ פארהייטן פון שטויב דארף מען פארן אריינגאנג אין שול אדער קינדערגארטן אוועקלייגן דראטענע, שטרויענע אדער אנדערע טרעטערס אפ אפרייניקן די פיס.

14. מע מוז ארויסנעמען פון די צימערן און פון דורכגאנג איבעריקע מעבל, קאלערליי קעסטלעך און אנד. זאכן, וועלכע שטערן דער באוועגונג, דאס אויסלופטערן און אופראמען און מאכן אן שטויב.

די באלייכטונג פון ארבעט־און לערן־צימער האט זייער א גרויסע באדייטונג סיי פארן געזונט פון די קינדער סיי פארן דערפאלג פון זייער לערנען. א שוואכע, שלעכטע באלייכטונג שטרענגט צופיל אן, פארערגערט די ריע, רופט ארויס קאפווייטעק און מאטערט גיך אוים. די מינימאלע פאדערונגען זיינען: א) בענוגייע נאטירלעכער באלייכטונג: 1) לערנען אדער ארבעטן דארף מען אין אזוינע צימערן, וווּ די שיין ווערט ניט פארשטעלט דורך א שכיינישער געביידע, וווּ די גלאז־אויבערפלאך פון אלע פענצטער צוזאמען באטרעפט ניט ווייניקער ווי $1/_6$ פון דער פאדלאגע. 2) די פענצטער דארפן זיין 1—¾ מעטער פון דער פאדלאגע, וואס נעענטער צום סופיט, און דארפן זיך געפינען לינקס פון די שילער. די ברייט פון צימער (פון די פענצטער ביז דער אנטקעגנדיקער וואנט) דארף זיין ניט מער ווי פון דער לענג, בערעך 6×8 מע־

טער. 3) קיינע פארהאנגענ און בלומענ־טעפ דארפנ ניט פארשטעלנ די שײַנ. 4) די ווענט און דער סופיט דארפנ זײַנ העל אפגעפארבנ.

ב) בענעגייע קינסטלעכער באלײַכטונג: 1) אנעמענ אלע מיטלענ, עס זאל אינ שול אדער אינ קינדערגארטנ אײַנגעארדנט ווערנ עלעקטרישע באלײַכטונג. 2) די עלעקטרישע לעמפלעכ באדארפנ אינ די לערנ־צימערנ זײַנ גענוג ליכטיקע און פארשטעלט מיט ספעציעלע מאטע־אבאזשורנ. (אמבעסטנ אונדזער „ליוצעטא"). 3) אויב עס קומט אויס צו ארבעטנ בא נאפט־באלײַכטונג, דארפ מענ באנוצנ נאר בליצ־לאמפנ, וועלכע מע דארפ אופהענגענ גאנצ הויכ פונ דער פארלאגע (2½ מ.) און זענ, זיי זאלנ זײַנ גענוג ליכטיק. 4) סײַ בא עלעקטרישער סײַ בא נאפט־באלײַכטונג דארפנ די לאמפנ הענגענ פונ לינקס און פונ פארנט פונ די קינדער.

עס דארפ געזארגט ווערנ וועגנ דער ריינקײַט פונ די פענצטער־שויבנ, פונ דער עלעקטרישער ארמאטור און פונ די נאפט־לאמפנ.

באהייצונג. 1) די טעמפעראטור אינ די לערנ־און שפיל־צימערנ דארפ זײַנ ניט נידעריקער פונ 15 גראד צעלזי (12 גראד רעאמיור). 2) ניט באנוצנ קיינ שום אײַזערנע אדער אנדערע צײַטווײַליקע אויוועלעכ, ניט דורכפירנ קיינ אײַזעקנע רערנ אינ די צימערנ. 3) אויב קיינ צענטראל־באהייצונג קאנ ניט דורכגעפירט ווערנ, דארפ מענ אוועקשטעלנ שטענדיקע האלענדישע אויוונס. 4) די אויוונס דארפנ אויסגעהייצט ווערנ ביזנ קומענ פונ די קינדער.

וואסער. 1) וואסער צומ טרינקענ מוז זיכ געפינענ אינ פארמאכטע פארשלאסענע באקנ מיט קראנענ און קריגלעכ צומ טרינקענ. דערבײַ מוז זיכ געפינענ א קיילע אפ אויסצוגיסנ דאס שמוציקע וואסער (באזט אויסשווענקענ). אנשעפנ מיטנ קריגל פונ באק אדער עמער איז שטרענג פארווערט. 2) אמבעסטנ איז אײַנצוארדענענ טרינק־פאנטאנלעכ. מיט דעמ מײַדט מענ אויס דאס באנוצנ אלגעמיינע קריגלעכ. 3) וואסער אפ אנצוגיסנ די באקנ דארפ מענ טראגנ אינ פארדעקטע עמערס. 4) די באקנ און די קריגלעכ דארפ מענ טאגטעגלעכ גוט אויסוואשנ מיט הייס וואסער. 5) די וואש־טישנ דארפנ זײַנ באווארנט מיט וואסער אינ א גענוגנדיקנ סכומ.

מעבל. 1) די מעבל אינ שול און אינ קינדערגארטנ דארפ זײַנ צוגעפאסט צומ עלטער און וווקס פונ די קינדער. 2) עס דארפנ בא־

נוצט ווערנ די אָנגענומענע פֿאַרשול־מעבל, די שול־טישנ, די שול־בענק מיט א רוקנ־אָנשפּאַר מיט איינ אָדער צוויי זיצפּלעצער. לאַנגע טישנ אונ בענק אָדער טאַבורעטקעס טאָרנ אינ קלאַס ניט באַנוצט ווערנ. 3) אינ די שלאָפֿצימערנ דאַרפֿנ די צאָל בעטנ זײַנ ניט ווייניקער ווי די צאָל קינדער, שלאָפֿנ זאָלבעטאַנד, אפֿ דער פּאָדלאָגע, אפֿ אַלגעמיינע נאַרעס איז שטרענג פֿאַרבאָטנ.

קלאָזעטנ. 1) אויב עס זײַנענ ניטאָ קיינע וואַטערקלאָזעטנ, דאַרפֿנ די אָפּטרעטנ זײַנ לעבאָלאָפּאָכעס וואַרעמע, אָפּגעטיילט פֿונ די שול־צימערנ מיט א באַזונדערנ קאָרידאָר. 2) עס דאַרפֿנ זײַנ באַזונדערע אָפּטריטנ פֿאַר ייִנגלעכ אונ פֿאַר מיידלעכ. 3) פֿונ דרויסנ דאַרפֿ מענ גוט צודעקנ די גרוב אונ באַוואָרענענ דאָס לופֿטערנ זי מיט א לאַנגער, אויסצירדער, וועלכע ענדיקט זיכ העכער פֿונ דאַכ. 4) אינ אַלגעמיינער קלאָזעט, וועלכנ עס באַנוצנ זיכ ניקע אײַנוווינער, טאָרנ די קינדער ניט באַנוצנ. 5) די שטולנ אינ אָפּטריט דאַרפֿנ זײַנ צוגעפּאַסט פֿאַרנ וווּקס פֿונ די קינדער. 6) אינ קינדערגאָרטנ דאַרפֿנ אכוץ דעמ זײַנ טעפּלעכ (באַזונדערס פֿאַר דער ייִנגסטער גרופּע), זיי דאַרפֿנ ווערנ באַזאָרגט מיט דעקלעכ. 7) די אָפּטריטנ. (פּאָדלאָגע, שטול, טעפּלעכ) דאַרפֿ מענ האַלטנ זייער ציכטיק.

ריינהאַלטונג. 1) די קלאַסנ־צימערנ מוזנ געלופֿטערט ווערנ פֿאַר אונ נאָכ די לימודים אונ ביים די האַפּסאַקעס. 2) דער רעקרעאַציע־זאַל אונ די קאָרידאָרנ ווערנ געלופֿטערט אינ דער צײַט פֿונ די לעקציעס: 3) אינ א וואַרעמענ וועטער ווערנ די לעקציעס דורכגעפֿירט בא אָפֿענע פֿענצטער 4) ראַמענ די קלאַסנ דאַרפֿ מענ נאָכ אַלע לימודים, ווי שפּעט עס זאָל ניט זײַנ, אונ אינדערפֿרי אויסווישנ דעמ שטויב א שאָ פֿאַרנ אָנהייבנ לערנענ. 5) אויב די פּאָדלאָגע איז ניט אָנגעשמירט מיט אייל, דאַרפֿ מענ זי אויסווישנ מיט א נאַסער טוכ אָדער אויסקערנ מיט פֿײַכטע זעגעכצ. 6) די פּאָדלאָגע דאַרפֿ מענ וואַשנ ניט זעלטענער פֿונ איינ מאָל אינ 6 טעג (אויב זי איז ניט אָנגעשמירט מיט אייל). 7) איינ מאָל אינ כוודעש (סאַניטאַרער טאָג) דאַרפֿ דורכגעפֿירט ווערנ א גרינטלעכע ריינקונג פֿונ דער גאַנצער געבײַדע. 8) אינ די צימערנ, וואָס די קינדער באַנוצנ, איז שטרענג פֿאַרווערט צו רייכערנ.

דאָס אַלצ איז שײַעכ צו אַלטע געבײַדעס, אינ וועלכע מע קאָנ נאָר מאַכנ א רעמאָנט, אָפּהיטנ אָרדענונג אונ ריינקײַט אדג.

אפנ הײַנטיקנ טאָג, אפנ איבערגאַנג־פּעריאָד — ביז מיר וועלנ אָניאָגנ מיטנ אויפבויענ נײַע געבײַדעס — שטעלט די רעגירונג בענעגייע זיי אײַנ די מינימאַלסטע פאָדערונגענ, וועלכע מוזנ אומבאַדינגט אויסגעפירט ווערנ. בענעגייע נײַע געבײַדעס זײַנענ די פאָדערונגענ גאַנצ אַנדערע, העכערע.

מיר קאָנענ זיי דאָ (צוליב טעכנישע טײַמימ) ניט אויסרעכענענ. מיר ווילנ אָבער דאָ אָנווײַזנ אפ יענע וויכטיקסטע פּראַקטישע אויפגאַבנ, וועלכע שטייענ פאַר אונדז באַם בויענ נײַע געבײַדעס פאַר די קינדער־אַנשטאַלטנ.

באַם בויענ א קינדער־אַנשטאַלט דאַרפ דער פּראָיעקט פונ דער נײַער געבײַדע באַשטעטיקט ווערנ פונ די אָרטיקע בילדונג־אָפּטיילנ, סאַניטאַרע אָרגאַניזאַציעס (אָדער שול־דאָקטוירימ) אונ פײַערלעשער, מיטנ אָנטייל פונ די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס.

מע מוז זאָרגנ, אז עס זאָל אויסגעטיילט ווערנ א גענוג גרויסער ערד־כײַלעק באַ דעמ קינדער־אַנשטאַלט אונ מע זאָל אימ ווי געהעריק אָרגאַניזירנ אונ פאַרפלאַנצנ.

מע מוז שטיינ די גאַנצע צײַט אפ דער וואַכ, קאָנטראָלירנ דעמ גאַנג אונ די קוואַליטעט פונ דער בויונג, די טעמפּנ, די טערמינענ. די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס זײַנענ אָבער מעכוייעוו אונ אויכ בעקוייעכ צו העלפנ באַזײַטיקנ די פאַרשיידענע מעניִעס, וועלכע קאָנענ שטענדיק אויסוואַקסנ באַם בויענ.

נאָכנ פאַרטיק ווערנ פונ דער געבײַדע דאַרפנ זי אָנעמענ די זעלביקע סאָוועטישע אונ געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס, וועלכע קאָנטראָלירנ, וויאַזוי עס איז אויסגעפילט געוואָרנ דער פּראָיעקט, צי איז די געבײַדע פולקומ פאַרטיק אונ צי ס'איז שוינ מעגלעכ גלײַכ אָנהייבנ זי באַנוצנ.

נאָר אפ אַזא אויפנ קאָנ מענ זיכ באַוואָרענענ פונ גרויסע פעלערנ, וועלכע מע קאָנ נאָכדעמ ניט פאַריכטנ, אונ פונ באַדײַטנדיקע פאַרשפּעטיקונגענ פונעמ בויענ, וועלכע רײַסנ אָפּט אַרונטער אַלע פּלענער פונ דער שול־אַרבעט אונ קאָנענ דערפירנ צו אַנ אומגעהייערער איבערלאָדונג פונ די אַלטע געבײַדעס, וואָס רופט זיכ, פאַרשטייט זיכ, זייער שלעכט אפ אפנ געזונט פונ די קינדער.

# VI. געזעלשאפטלעכע ארבעט פונ די קינדער

די געזעלשאפטלעכ־פּאָליטישע דערציִונג פונ די קינדער פאַרנעמט א בעקאָוועדיקנ אָרט אינ דער פּאָרשול־ארבעט. דורכדרינגנדיק אלע פראגנ, וועלכע ווערנ בארירט, דארפ די געזעלשאפטלעכע דערציִונג אײַנפלאנצנ דערעכערעצ אונ ליבע צומ ארבעטער־קלאס, צו דער סאָציִאליסטישער בויונג, א פאַראַנטוואָרטלעכע באַציִונג צומ קינדער־קאָלעקטיוו, צומ געזעלשאפטלעכנ איינגנטומ, צו דער גאנצער געזעלשאפט, צו דער ראטנ־מעלוכע.

די אלע היגיִענישע מאָסמיטלענ, דער קאמפ פאַר ריינקײַט אונ געזונט — דאָס אלצ דארפ געבויט ווערנ אפ דעמ דאָזיקנ אַכרײַעס־געפיל פונעמ קינד לעגאַבע דעמ לאנד, לעגאַבע דעמ גרויסנ ארבעטער־קאָלעקטיוו, וואָס זײַנענ פארינטערעסירט אינ געזונטע ארבעטפייִקע מענטשנ.

די עלטערע פּאָרשול־קינדער דארפנ באַווײַזנ מוסטערנ פונ אויסגעהאלטנקײַט, ווי אפ אנדערע, אזוי אויכ אפ דעמ דאָזיקנ געביט: בענעגייע די היגיִענישע געוווינהײַטנ, דער סאניטארער אָרדענונג אונ דיסציפּלינ. זיי קאָנענ אונ דארפנ אָנטיילנעמענ אינ דער סאניטארער קאָמיסיע, העלפנ קאָנטראָלירנ די ריינקײַט, העלפנ באמ וואשנ זיכ, באמ דערלאַנגענ דאָס עסנ אאוו.

דאָס דערציט זיי, אנטוויקלט זייער זעלבשטענדיקײַט אונ העלפט מיט צו שאפנ א גינסטיקע געזעלשאפטלעכע מיינונג צווישנ די קינדער וועגנ אָרדענונג אונ געזונט.

אָבער פאָרזיכטיק — מע דארפ קיינמאָל ניט איבערכאפנ די מאָס, ניט צופיל אָנלאָדנ די קינדער, ניט דערלאָזנ זיי פארמאטערנ זיכ, ניט געבנ קיינ געזעלשאפטלעכע ארבעט קעגנ ווילנ פונעמ קינד, די געזעלשאפטלעכע ארבעטנ טאָרנ זיי ניט שטערנ אויספירנ דעמ רעזשימ; צו דער צײַט עסנ, שפּילנ זיכ, אָפּרוענ אאַז.

„די גרונט־אויפגאבע פונ דער זעלבסטפארוואלטונג פונ די קינדער

(אינ שול) איז דערציִענ אונ פארפעסטיקנ די באוווּסטזיניקע דיסציפּלינ, אויסלערנענ אונ געוווינענ קאלעקטיוו ארבעטנ אונ לערנענ זיכ".

„די קזפּ (ДСУ)* העלפט אויסארבעטנ די געזעלשאפטלעכע מיינונג פונ די שילער, דערציִענ די געוווינהייט באוווּסטזיניק זיכ באציִענ צו דער אייגענער אופירונג, דערציִענ דעמ געפיל פונ פאראנטוואָרטלעכקייט אונ דערמיט פארפעסטיקנ אונ הייבנ די באוווּסטזיניקע דיסציפּלינ, אויסארבעטנ די נייטיקע אָרגאניזאציאָנעלע געוווינהייטנ פונעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ אונ די געוווינהייטנ פונ פערזענלעכער קאָמוניסטישער אופירונג".

„אָפּהיטנ די ריינקייט, די פערזענלעכע היגיִענע מיצאד יעדנ שילער, איינפירנ אָרדענונג אינ עסצימער, אינ קליידער־צימער, אָרגאניזירנ אפ די האפּסאָקעס אונ אינ די אָפּרו־טעג די מאסעווע אקציעס: שפּילנ, געזאנג אונ אנדערע קינסטלערישע פארנעמונגענ, פיזקולטור — דאָס אלצ איז די וויכטיקסטע פליכט פונ דער זעלבסטפארוואלטונג פונ די קינדער".

די דאָזיקע פונקטנ זיינענ גענומענ פונ נייעמ סטאטוט וועגנ דער קזפּ אינ דער פּאָליטעכנישער שול, וועלכנ דער פּאָלקאָמבילד אונ די צענטראל־ביוראָ פונ דער קאָמוניסטישער קינדער־אָרגאניזאציע באמ צק פונעמ קאָמיוג האָבנ באשטעטיקט. זיי גיבנ אונדז דעמ כאראקטער פונ דער געזעלשאפטלעכער ארבעט פונ די קינדער אינ שול אונ אויסער איר.

סיי אינעמ צענטראלנ שילער־קאָמיטעט סיי אינעמ אָרטיקנ גרופּנראט ווערנ אויסגעטיילט ספּעציִעלע אָרגאניזאטערס פונ די פארגעזינטערונג־מאָסמיטלענ.

ס'פארשטייט זיכ, אז די גאנצע געזעלשאפטלעכע ארבעט פונ די קינדער מוז פאָרקומענ אינ די ראמענ פונ באשטימטנ רעזשימ פונ ארבעט אונ רו. עס טאָרנ ניט דערלאָזט ווערנ קיינע פארקריפּלונגענ אפ דעמ דאָזיקנ געביט (שפּעטע, לאנגע זיצונגענ, פארזאמלונגענ, שפּעטע ארבעט פונ די קרייזלעכ אא. פארקריפּלונגענ, וואָס טרעפנ זיכ נאָכ וו־ניט־וו.

די הויפּט־ראָליע אינ דער קזפּ דארפנ, פארשטייט זיכ, שפּילנ די פּיאָנערנ. די פּיאָנערנ מוזנ גרינטלעכ זיכ באקענענ מיט די באשלוסנ פונ צק ואלקפּ(ב) וועגנ דער שול אונ וועגנ דער פּיאָנער־אָרגאניזאציע 21)

* „ДСУ" — זעלבסטפארוואלטונג פונ די קינדער.

אפּרעל 1932 יאָר), ווּ ס'ווערט געזאָגט: „מע מוז זענ זיכ דערשלאָגנ צו אזא צושטאנד, אז יעדער פּיאָנער זאָל אומעטום — אינ שול, אינ דער פאמיליע, אפנ גאס, אינעם פּיאָנער־קלוב, אינעם פּיאָנער־לאגער אאזוו. בעעמעס זײַנ א בײַשפּיל פאר אלע קינדער".

דערבײַ מוז מענ מיט דער גאנצער אנטשלאָסנקײַט פירנ א קאמפּ קעגנ דעמ איבערלאָדנ די קינדער מיט געזעלשאפטלעכע פליכטנ, ריכטנ־דיק זיכ לויט די דירעקטיווג פונ צק פונ דער פּארטיי, פונעמ צק פונעמ קאָמיוג אונ לויט די באשלוסנ פונ די אָרגאנענ פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט (זע בײַלאגע 2).

די ראָליע פונ דער קינדער־זעלבסטפאחוואלטונג אונ ביפראט פונ דער פּיאָנער־אָרגאניזאציע, אינעמ קאמפּ פארנ סאניטארנ־מינימומ, פאר דער סאניטארער דיסציפּלינ, פאר אָרדענונג אונ ריינקײַט — איז זייער א גרויסע. מע טאָר בעשומויפנ ניט אונטערשאצנ דעמ אָנטייל פונ די קינדער אינ אָט דער גרויסער ארבעט. נאָר צוזאמענ מיט די שול־קינדער, מיט דער הילפ פונ זייערע געזעלשאפטלעכע אונ פּאָליטישע אָרגאניזאציעס קאָנענ מיר האָבנ דערפאָלג. דערבײַ, פארשטייט זיכ, דארפ מענ אויכ ניט איבערשאצנ די קויכעס אונ מעגלעכקײַטנ פונ די קינדער אונ מע דארפ זיי גאראנטירנ א געהעריקע אָנפירונג.

---

# VII. די פאַרגעזינטערונג־מאָסמיטלענ

אײנצײַטיק מיט דער שטענדיקער זאָרג פאַר דער פולער באַפרידי־קונג פונ די סאַניטאַר־היגיִענישע פאָדערונגענ פונ די קינדער־אַנשטאַלטנ בענעגײע אָרט אונ געבײַדע, גרינס, לופט, זונ, װאַסער, ליכטיקײַט, רײנ־קײַט אונ אָרדענונג, װי אױכ די זאָרג פאַר אױסנוצנ די גרױסע אונ רײַכע מעגלעכקײַטנ פונ פיזישער דערציִונג פאַר אַלע קינדער פונ די אַנשטאַלטנ (קינדערגערטנער, שולנ) — מוזנ מיר אומבאַדינגט אָרגאַני־זירנ ספּעציִעלע פאַרגעזינטערונג־מאָסמיטלענ פאַר די שװאַכע קינדער, װעלכע פאַרלירנ אָדער קאָנענ פאַרלירנ דעמ גלײַכגעװיכט. אַכוצ דעמ מוזנ מיר אױסנוצנ די לאַנגע זומער־קאַניקולנ אונ די װינטער־קאַניקולנ אָפּ צו אָרגאַניזירנ פאַרגעזינטערונג־מאָסמיטלענ אינ אַ מאַסנ־מאַס־שטאַב.

צװישנ די שטענדיקע פאַרגעזינטערונג־מאָסמיטלענ פאַרנעמענ אַנ אָנגעזעענעמ אָרט די ספּעציִעלע גרופּעס פאַר שװאַכע קינ־דער, װעלכע זײַנענ שױנ אױסגעטײלט געװאָרנ אינ אַ סאַכ שולנ, באַ־זונדערס אינ די גרעסערע שטעט.

זײער אױפגאַבע איז צו פאַרשטאַרקנ דעמ געזונט פונ די שװאַכע קינדער, אױפהײבנ זײער אַרבעט־פײִקײַט דורכ אַ ספּעציִעלנ רעזשימ, ניט אָפּרײַסנדיק זײ פונ דער שול אונ היימ.

די גרױסע דערפאַרונג פונ די װאַלד־שולנ — אײנצײַטיקער לערנענ אונ געזונטמאַכנ — װערט אַריבערגעטראָגנ אינ דער מאַסנ־שול, װו עס פאָדערט זיכ אָבער אַ סאַכ װײניקער אױסגאַבנ אונ ניט דערפאַר די מעגלעכקײַט אַרומנעמענ אַ גרעסערנ פּראָצענט קינדער. די דאָזיקע ספּע־ציִעלע גרופּעס לערנענ זיכ אינ דעמ זעלביקנ שול־לאָקאַל, די צאָל קינדער אינ גרופּע איז אַ ביסל קלענער (30—35) אונ זײער שול־טאָג איז לענ־גער (פונ 8 אינדערפרי—6 אינ אָװנט), דערבײַ מיט אַ באַטאָגיקנ שלאָפ

אָדער אָפּרו אָפּ א וועראַנדע און מיט א צוויי—הריימאָליקן עסן. עס ווערן פּינקטלעך אָפּגעהיט די קלאָלים פון לערן־רעזשים. צווישן די לי־מודים און נאָכן לערנען שפּאַצירן די קינדער, שפּילן זיך, רוען אָפּ אָפּ דער פרייער לופט. טאָגטעגלעך גייען זיי דורך (קומענדיק אין שול) א מעדיצינישע באַטראַכטונג, ווי קאָנטראָל פון טעמפּעראַטור, אָנשטעקנ־די־קע קראַנקייט, ריינקייט אד"ג.

די דערפאַרונג פאַר די לעצטע צוויי יאָר (אין מאָסקווע) האָט אונדז באַוויזן די גרויסע באַדייטונג פון די האַזיקע ספּעציעלע גרופּעס: די קינדער פאַרבעסערן זיך שטאַרק אין געזונט, זייער דערפאָלג אין לערנען רוקט זיך באַדייטנדיק פאָרויס.

ענלעכע גרופּעס פאַר שוואַכע קינדער ווערן שוין איצט אָרגאַניזירט אויך אין די קינדערגערטנער.

די פאַרשפּרייטסטע געזונטמאַכנדיקע סעזאָנע אונטערנעמונגען פאַר פאָרשול־קינדער זיינען די זומער־פּלעצער, וואָס נעמען אריין א באַדייטנדיקן פּראָצענט קינדער, וועלכע האָבן נאָך ביזלאָל ניט באַזוכט קיין פאָרשול־אַנשטאַלטן. בא א געהעריקער אָרגאַניזירונג קאָנען זיי געבן א גרויסן געזונטמאַכנדיקן עפעקט (נוצן). דערצו זיינען נייטיק פאָלגנדיקע באַדינגונגען:

1. אַן איזאָלירטער (אַרומגעצוימטער) גרינער פּלאַץ מיט א שאָטן (א סאָד, א פּאַרק אאַו.).

2. א ספּעציעלע געביידע אָדער לעבאָלאַפּאַכעס א שוצדאַך פון א באַשטימטער גרייס (וויינויקסטנס צוויי קוואַדראַט מעטער אָפּ א קינד) צום שיצן פון רעגן און ווינט, צום עסן אין א שלעכטן וועטער און צום שלאָפן אָדער אָפּרוען נאָך מיטיק.

3. א באַפרידיקנדיקע דערנערונג (2—3 מאָלצייטן, אין מעשעך פון טאָג.

4. צוגעגרייטע פאָרשול־דערציער.

5. א געהעריקע מעדיצינישע אויפזיכט.

אין די שטעט אָרדנט מען אָפּט איינע אזוינע שפּיל־פּלעצער אין די געביידעס פון די קינדערגערטנער, וועלכע פאָרן אָפּ זומער אַרויס הינטער דער שטאָט.

דער האַזיקער טיפּ אַנשטאַלט, וועלכער פאַרייניקט די דערציערישע אַרבעט אין די זומער־באַדינגונגען מיט א רייכן אויסנוצן די פרייע

לופט, די זון און וואסער־פּראָצעדורן, דארף און קאָן אָרגאניזירט ווערן אומעטום: אין די אַלטע און נײַע שטעט, אין די אַרבעטער־שטעטלעך און אפילו דאָרף.

אכוץ זייער געזונטמאכנדיקער ראָליע—באַפרײַען די זומערדיקע פאַר־שול־פּלעצער צענדליקער טויזנטער פרויען־הענט, גרייטן צו א באַדן פאר דער אַלגעמיינער פאַרשול־דערציִונג און פארן פאַרפעסטיקן די פרויען־מאסן אין די אונטערנעמונגען.

פאַר יענע פאַרשול־קינדער, וועלכע בלײַבן אויסערן קינדערגאָרטן, דארף מען זען אַפּ ווינטער אָרגאניזירן אזוינע פרימיטיווע, שפּאציר־גרופּעס, וועלכע פאַרברענגען א גרויסן טייל פון טאָג אַפּ דער פרײַער לופט אין שפּילן, שליטלען זיך, פאָרן אפ ליזשעס אאז״וו. אזוינע גרופּעס מוז מען באַזאָרגן מיט א געהעריקן שפּיל־פּלאַץ (אפן הויף, אין א פּארק אא״וו.), לעבאַלאַפאַכעס מיט איין—צוויי צימערן אַפּ אָנוואַרעמען זיך און אָפּרוען.

אַפּ אָנצופירן מיט דער ווינטער־גרופּע דארף אויך אויסגעטיילט ווערן א ספּעציעלע דערציִערן און אָרגאניזירט ווערן א סיסטעמאטישע מעדיצינישע אופזיכט.

דער געזונטמאכנדיקער עפעקט פון אזא פרימיטיוו קאָן בא א געהעריקער אָרגאניזירונג זײַן גרויס. מע מוז אָבער קעסיידער זאָרגן פאַר פאַרבעסערן זײַנע באַדינגונגען בענעגייע דעם שפּילפּלאַץ, די צימערן, געזעלשאַפטלעכער דערנערונג אאז״וו.

אין די שטעט ווערן אזוינע פרימיטיווע אָרגאניזירט אין די ווינ־קאָאָפּעראַציעס („זשאקטן״), וועלכע טיילן פאר דעם ספּעציעל אויס מיטלען פון זייער קולטור־פאָנד.

אין די זומערדיקע קאָניקולן ווערן אין די שטעט אָרגאניזירט בא די שולן שול־פּלעצער, וווּ די שילער, וועלכע פאָרן ניט ארויס אין לאַגער אָדער זײַנען שוין געקומען פון דאָרטן, פאַרברענגען לויט א באַשטימטן רעזשים א גרויסן טייל פון טאָג, דערנערן זיך אאז״וו.

האָבנדיק זייער א גרויסע פּאָליטיש־דערציִערישע באַדײַטונג, פאַר־נעמט דער פּ י אָ נ ע ר ־ל א ג ע ר אויך דעם וויכטיקסטן אָרט צווישן די זומערדיקע געזונטמאכנדיקע אונטערנעמונגען פאַר די שול־קינדער. געבן די שטאָטישע שילער א מעגלעכקײַט גוט אויסרוען זיך, באַוועגן זיך אפ דער פרײַער לופט, באָדן זיך אין זון און וואסער, קרעפטיקן דעם

געזונט אונ פארפעסטיקנ א גאנצע ריי היגיענישע געוווינהייטנ איז געווים זייער א וויכטיקע אונ נייטיקע אופגאבע.

די פארטיי אונ די רעגירונג ווידמענ גרויס אופמערקזאמקייט דער לאגערנ־קאמפאניע, אונ די זעלביקע ערנסטקייט אונ פאראנטווארטלעכ־קייט ווערט געפאדערט פונ די ארטיקע ארגאניזאציעס.

קעדיי דער פיאנערנ־לאגער זאל קאנענ האבנ 'א גענוגנדע געזונט־מאכנדיקע ווירקונג, מוזנ באפרידיקט ווערנ א גאנצע ריי פאדערונגענ, וועלכע מיר האבנ שוינ פריער אינ אלגעמיינע שטריכנ 'אנגעוויזנ.

אויסוואל פונ ארט. גוט איז, ווענ יעדע גרעסערע פיאנער־ארגא־ניזאציע האט איר שטענדיק ארט, מיט וועלכנ זי שטייט אינ פארבינ־דונג א גאנצ יאר. אינ דעמ פאל איז די צוגרייטונג־ארבעט א סאכ לייכטער אונ מע קאנ אויסנוצנ דאס דאזיקע ארט טיילווייז אויכ ווינטער, למשל אפ פארברענגענ דארט די קאניקול־צייט, ארויספארנ אינ די אפרו־טעג אאז״וו.

אייניקע פיאנערנ־ארגאניזאציעס גייענ שוינ אפנ דאזיקנ וועג. גרע־סערע זאוואדנ בויענ שוינ אפילע ספעציעלע געביידעס פאר די פיא־נערנ־לאגערנ. עס איז שוינ בעקוועמע צייט אפ אזא־א אויפנ צו לייזנ — אינ דער דאזיקער גרויסער קאמפאניע — די שווערע פראגע פונ וווינונגענ.

טראכט מענ אבער וואס־ניט־איז בויענ פארנ פיאנערנ־לאגער, דארפ עס געטאנ ווערנ מיטנ וויסנ אונ אנטייל פונעם געזונט־אפטייל אדער פונעם שול־דאקטער, קעדיי עס זאלנ ניט דערלאזנ ווערנ קיינ פעלערנ בענעגייע דעמ ארט אונ דער געביידע.

אויסוויילנ אנ ארט פארנ פיאנערנ־לאגער דארפ מענ אויכ צוזאמענ מיטנ דאקטער.

עס איז געווונטשנ א גוט באלויכטענער טרוקענער ארט 'אפ א בערגל, נאענט (איינ קילאמעטער) פונ וואלד, פעלד אונ לאנקע. וואס שענער אונ נאטורלעכער עס וועט זיינ די געגנט, אלץ מער פארגעניגנ אונ לעבנ־לוסטיקייט וועט עס געבנ די קינדער. נאענט פונ א גרעסערנ פלאצ פאר שפילנ, פאר גימנאסטישע אונ מיליטערישע איבונגענ אונ ניט וויינט פונ א גרעסערנ ראטווירט אדער קאלווירט. דאס איז נייטיק סיי צוליב דער באזארגונג מיט פראדוקטנ סיי צוליב פאליטעכנישע בילדונג־צוועקנ אונ צוליב געזעלשאפטלעכער קעגנזייטיקער הילפ. א גרויסע ראָ־

ליע שפּילט אויכ די נאָענטקײַט פונ באַנ־אָדער אווטאָ־טראַנספּאָרט, די נאָענטקײַט פונ א שפּיטאָל און פונ ראַיאָנעם צענטער.

קעדײ אויסצוהיטנ זיכ פונ אָנשטעקנדיקע קראַנקײַטנ, דאַרפ שטרענג אויסגעפּאָרשט ווערנ, צי איז עס ניט קײנ מאַליאַרישע געגנט, צי זײַנען אינ דאָרפ ניטאָ קײנ אָנשטעקנדיקע אַלגעמײנע אָדער קינדערקראַנקײַטנ. מע דאַרפ זיכ דערוויסנ אויכ וועגנ דער קוואַליטעט פונעמ טרינקוואַסער.

אָנ דעמ וויסנ און העסקעמ פונ דער אָרטיקער סאַניטאַרער אָרגאַניזאַציע טאָר מענ ניט צוטרעטנ צומ אָרגאַניזירנ דעמ פּיאָנערנ־לאַגער. ניט ווײַטער ווי 4—5 קילאָמעטער מוז זײַנ א שפּיטאָל, וווּהינ מע זאָל קאָנענ אָפּפירנ אָנ אָנשטעקנדיקנ קראַנקנ, באַקומענ דרינגנדיקע כירורגישע הילפ אאַז״וו.

וווינונג. מע דאַרפ זענ זיכ אײַנאָרדענענ אינ א דאָרפישנ שוללאָקאַל, אינ א געוועזענעמ פּריצישנ הויז אד״ג. די געבײַדע דאַרפ אונדז דינענ דעריקער צומ שלאָפנ. די שלאָפצימערנ דאַרפנ זײַנ זוניקע און דאַרפנ האַלטנ ניט ווייניקער ווי 2½ קוו. מעטער אפ א מענטשנ. די בעטלעכ מוזנ זײַנ אָפּגערוקט אײנס פונ צווײטנ. דאָס עסצימער קאָנ מענ אײַנאָרדענענ אונטער א שוצ־דאַכ, דערבײַ איז נײטיק אײנ קוו. מעטער אפ א מענטשנ, קעדײ די קינדער זאָלנ דאָרטנ קאָנענ פאַרברענגענ אינ א רעגנדיקנ טאָג און ניט דאַרפנ אינ אזא פאַל באַנוצנ די שלאָפצימערנ. נאָר בא אזא באַדינג קאָנ מענ זײ האַלטנ רײנ. ס׳איז געווונטשנ אויכ דעמ באַטאָגיקנ שלאָפ אײַנאָרדענענ אונטער א שוצ־דאַכ,—אויב עס איז ניטאָ פאַר דעמ צוועק קײנ ספּעציעלע וועראַנדע.

עס מוז אויסגעטײלט ווערנ אנ איזאָליאַטער, בערעכ אײנ בעטל אפ 40—50 קינדער. אכוצ דעמ מוז זײַנ א קיכ מיט 1—2 צוגאָבצימערלעכ (פאַר צוגרײטנ די פּראָדוקטנ, וואַשנ די קײלימ), א פּראָדוקטנ־לאַגער און א קעלער.

די קיכ און דער אָפּטריט דאַרפנ זײַנ ווײַט אײנער פונעמ אנדערנ און בײדע ניט גאָר נאָענט צו די שלאָפצימערנ. דער אָפּטריט דאַרפ זײַנ אנ ערעכ 100 מעטער ווײַט פונ די שלאָפצימערנ און באַנאַכט שטענדיק באַלויכטנ. דער אָרט פונ וואַשנ און באָדנ זיכ (ניט זעלטענער פונ אײנ מאָל אינ 6 טעג) קאָנ מענ אײַנאָרדענענ אונטער א שוצ־דאַכ, ווו די קינדער קאָנענ אויכ נעמענ דושנ.

יעדײ צו באַפרידיקנ די סאַניטאַרע פאָדערונגענ אינעמ לאַגער, דארפ מענ באַזאָרגנ א געהעריקנ אָפּפלוס פונ דער שמוציקער וואַסער, ווי געהעריק אײַנאָרדענענ אונ רײנ האַלטנ דעמ אַרומיקנ פּלאַץ. צו דעמ צוועק מוזנ אויסגעאַרבעט ווערנ ספּעציעלע אָרדענונג-קלאַלימ וועגנ דער אויפפירונג פונ די קינדער אונ וועגנ די פליכטנ פונעמ פּערסאָנאַל, פונ די סאַניטאַרע קאָמיסיעס פונ די קינדער אונ פונ די דעזשורנע.

אַחוצ דעמ דארפ געזאָרגט ווערנ וועגנ ריכטיק פּאַרטײלנ די צײַט, פּינקטלעכ אויספירנ דעמ אָנגענומענעמ טאָג-רעזשימ. דאָ גיבנ מיר א מוסטער פונעמ טאָג-רעזשימ:

7 אינדערפרי — אויפשטײנ, עפענענ אלע פענצטער, 7—7,45 — אָרגאַניזירטע אָנלאָדונג-איבונגענ, וואַשנ זיכ אָדער באָדנ זיכ, מאַכנ די בעטנ. 7.45—8 — שטעלנ זיכ אינ שורע, אויפהײבנ די פאָנ, 8—8.30 — פרישטיק, 8.30—10.30 — געזעלשאַפטלעכ-נוצלעכע אַרבעט, 10.30—11 — אָפּרו, צוגרײטונג צו די פּראָצעדורנ. 10.30 — 12 — לופט- אונ זונ-וואַנעס, באָדנ זיכ. 12.30—1 — פרײַע צײַט אונ צוגרײטונג צומ מיטיק. 1—1.30 — מיטיק. 1.30—3 נאָכמיטיק-אָפּרו. 3—4.30 — פרײַע צײַט. 4.30—5 נאָכמיטיק-טײ. 5.30—6 — געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. 6.30—7 — באָדנ זיכ. 7—8—שפּילנ. 8—8.30—אָוונטברויט. 8.30—9.30 — שמועסנ אונ פאַרזאַמלונגענ. 9.30—10 — צוגרײטונג צומ שלאָפ. *

האָגאַמ אינ מאַסעווע פּיאָנערנ-לאַגער דארפנ פאָרנ אויסשליסלעכ געזונטע קינדער, קאָנ זיכ שטענדיק אָפּנ אָרט אַרויסווײַזנ א באַשטימטע צאָל שוואַכערע קינדער, וועלכע מוזנ אפ דער גאַנצער צײַט אָדער צײַטווײַליק באַפרײַט ווערנ פונ אײניקע רעזשימ-מאָמענטנ, ווי אָנלאָדונג-איבונגענ, באָדנ זיכ, זונוואַנעס, העלפנ אינ קיכ אאַוו. די רעשימע פונ אַזוינע קינדער ווערט צוזאַמענגעשטעלט טאָגטעגלעכ. בא די פאַרשײדענע אַרבעטנ מוז אַחוצ דעמ שטענדיק גענומענ ווערנ אינ אַכט דער עלטער אונ דער געזונט-צושטאַנד פונ די קינדער.

די אַלע פּראָצעדורנ, אַרבעטנ, עקסקורסיעס אאַ. דארפנ שטרענג

---

* אויב אינעמ פּיאָנער-לאַגער געפינענ זיכ א סאַכ קינדער פונ יינגסטנ שול-עלטער (8—10) אָדער עס איז דורכויס אנ אָקטיאַבער-לאַגער — דארפ מענ, פאַרשטײט זיכ, דעמ טאָג-רעזשימ א ביסל ענדערנ.

רעגולירט ווערן און ווי געהעריק צוגעגרייט ווערן. די ארבעט פון דע־
זשורנעם דארף אזוי איינגעאָרדנט ווערן, אז זי זאָל ניט איבערלאָדן
די קינדער און ניט שטערן אויספילן דעם רעזשים.

מע דארף זען, אז דאָס וואשן זיך אינדערפרי און אין אָוונט, דאָס
וואשן די הענט פאר יעדן עסן און די פיס פארן לייגן זיך שלאָפן,
דאָס פוצן די ציינער פארן שלאָפן און דאָס שווענקען דעם מויל נאָכן
עסן, דאָס אופראמען דעם צימער, דאָס לופטערן די בעטגעוואנט, רייי־
ניקן די בעגאָדים, דאָס געהעריקע אופירן זיך אין אַפּטריט און אלע
אנדערע היגיענישע געוווינהייטן, וועלכע האָבן א גרויסע באדייטונג
פארן געזונט און זיינען עלעמענטארע פאָרבאדינגונגען פאר א קולטור־
רעלן לעבן — זאָלן אינעם לאגער פינקטלעך דורכגעפירט ווערן.

די דערנערונג דארף, פארשטייט זיך, פארנעמען אין פּיאָנערן־לאַ־
גער א וויכטיקן אָרט. אלע פריִער אָנגעוויזענע פּרינציפּן (זע — דערנע־
רונג) מוזן דאָ שטרענג און פינקטלעך דורכגעפירט ווערן אין לעבן.

די טאָג־ראַציע דארף זיין א ביסל גרעסער, ווי דאָס גאנצע יאָר,
זי דארף אנטהאלטן בערעך: וויסל — 90 גראַם, פעטס — 60
גראַם, קוילנהידראטן — 500 גראַם. צוזאמען — בא 3000 קאַלאָריעס.

בא גרעסערע אָנשטרענגונגען (ווייטע עקסקורסיעס, פיזישע ארבעט)
דארף די ראַציע אפ א 8—10 פּראָצ. פארגרעסערט ווערן. באזונ־
דערס מוז געזאָרגט ווערן, אז די פּראָדוקטן, וועלכע אנטהאלטן פול־
ווערטיקן וויסל און פעטס, וויטאמינען און מינעראל־זאלצן, זאָלן אי־
נעם געהעריקן סכום געגעבן ווערן אין דער דערנערונג (מילך, גרינס,
קארטאָפל, פרישע און טרוקענע פרוכט, פלייש, אייער, פוטער אא.
מילכיקס).

אלע סאניטאר־היגיענישע קלאָלים אין קיך און אין עסצימער
דארפן, פארשטייט זיך, אויך דאָ פינקטלעך אָפּגעהיט ווערן.

די שמועסן און פארזאמלונגען טאָרן ניט אריבערשטייגן איין
שאָ און דארפן זיין פארשיידנארטיק, אינטערעסאנט מיטן אקטיוון
אָנטייל פון א גרעסערער צאָל קינדער.

אין א פייכטן אָדער קאַלטן וועטער דארפן די קינדער ניט זיצן,
באזונדערס אינאָוונט, אפ דער הוילער ערד אָדער אפן גראָז. אין אזא
צייט דארף מען די שמועסן און פארזאמלונגען דורכפירן נאָענט פון
דער געביידע, דערביי זיצן אפ בענק.

מע דאַרף אויסמײַדן שמועסן וועגן פּאַרזאַמלונגען אין דער געבײַדע גופא. אויב זיי ווערן דאָרט אַלס זעלטענער פּאַל יאָ דורכגעפירט, דאַרף דאָס דויערן זייער ווייניק (אַ האַלבע שעה) און נאָכדעם מוז מען גרינט־לעך אויסלופטערן דעם צימער.

אין די שלאָפצימערן זײַנען קיין פּאַרזאַמלונגען ניט דערלאָזבאַר.

אין די לאַגערן איז זייער ניט געוווּנטשן אײַנצואָרדענען קינאָ־סעאַנסן, וועלכע מע קאָן דורכפירן נאָר אין שפּעטע (פינצטערע) אָוונט־שעהן אָדער אין אַ פולקום געשלאָסענער געבײַדע. אַנשטאָט דעם דאַרף מען געבן די קינדער מוזיקאַלע נומערן און קורצע טעאַטראַלע אַרויס־טרעטונגען, וועלכע טאָרן אָבער אויך קיינמאָל ניט אַרונטערײַסן דעם רעזשים.

מיט די קינדער דאַרפן אומבאַדינגט וווינען דערוואַקסענע (פּעדאַ־גאָגן, פּיאָנער־אָנפירער).

די ריכטיקע געשלעכטלעכע דערציִונג פון די קינדער, וואָס מע מוז איר ווידמען אַ סאַך אויפמערקזאַמקייט אַ גאַנץ יאָר, מוז ווי געהעריק באַזאָרגט ווערן באַזונדערס אינעם פּיאָנערן־לאַגער, וווּ אַ גרויסע צאָל ייִנגלעך און מיידלעך פון פאַרשיידענעם עלטער קומט אויס צו וווינען צוזאַמען אין איין מישפּאָכע.

די פאַרשיידנסטע דערציִערישע פראַגן קאָנען דערפּאָלגרײַך געלייזט ווערן נאָר בײַ אַ באַשטימטער הייך און קוואַליטעט פון דער פּאָליטיש־דערציִערישער אַרבעט און בײַ דער געהעריקער מיטאַרבעט פונעם גאַנצן פּערסאָנאַל (פּעדאַגאָגן, פּיאָנער־אָנפירערס, דאָקטער, טעכנישע אַר־בעטער).

דערבײַ, פאַרשטייט זיך, שפּילט אַ גרויסע ראָליע די אויסגעהאַלטע־נע פּערזענלעכע אויפירונג פון די דערוואַקסענע גופא, זייער אייגענער בײַשפּיל.

די געהעריקע צוגרייטונג פונעם פּערסאָנאַל, דער אַכרײַעס־געפיל, די באַוווּסטזיניקייט און איבערגעגעבנקייט פון דער אָנפירונג און פון־נעם קאָלעקטיוו דערוואַקסענע, זייער דערציִערישער טאַקט און זעלבסט־דיסציפּלין — דאָס זײַנען די וויכטיקסטע באַדינגונגען, וואָס פון זיי הענגט אָפּ דער דערפאָלג אָדער דורכפאַל פון יעדער דערציִערישער אַר־בעט, ביפּראַט פון אַזאַ גראַנדיעזער אונטערנעמונג, ווי עס שטעלט פאָר מיט זיך דער פּיאָנערן־לאַגער.

דער שול־דאָקטער מוז נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער גאַנצער אָרגאַניזאַציע־אַרבעט. אַחוץ אויסוויילן דעם אָרט, געביידע, באַשטימען דעם רעמאָנט — אָדער בוי־אַרבעט — קומט אויס דורכצופירן אַ גרויסע אַרבעט בענוגע דעם אויסוואַל און דער צוגרייטונג פון די קינדער.

באַם אויסוויילן ווערן גענומען אין אַכט פאָלגנדיקע מאָמענטן:
1. געזונט־צושטאַנד, 2. סאָציאַלע לאַגע, 3. הערפאָלג אין לערנען און
4. די געזעלשאַפטלעכע אַקטיווקייט.

אָפּגעשוואַכטע, אויסגעמאַטערטע קינדער, וועלכע פאַרמאָגן ניט קיין ספּעציעלע קראַנקייטן, מוזן אומבאַדינגט פאָרן אין לאַגער.

רעכענענדיק זיך שטענדיק מיט דער סאָציאַלער און עקאָנאָמישער לאַגע פון די עלטערן — מוז מען אין דער ערשטער ריי שיקן אין לאַגער קינדער פון די שלאָגלער און געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויסטן.

מע דאַרף זען אויסצומיידן שיקן אין לאַגער קינדער מיט שעדלעכע געוווינהייטן (אָנאַניזם אאַוו.). באַ אַלע קינדער, וועלכע פאָרן אין לאַגער, דאַרף מען קאָנטראָלירן זייער אָנשטעקונג־פעיִקייט צו דיפטעריט און סקאַרלאַטין. אויב זי איז פּאָזיטיוו — דאַרפן געמאַכט ווערן די געהעריקע איינימפּונגען. עס דאַרף אויך געשטעלט ווערן פּאָקן (אויב עס איז שוין לאַנג ניט געשטעלט געוואָרן).

אַחוץ דעם דאַרפן אַלע קינדער דורכגיין אַ פּראָפילאַקטישע (פאַרהיטנדיקע) מעדיצינישע אונטערזוכונג, כדי עס זאָלן ניט פאָרן אין לאַגער קיין אָנשטעקנדיקע קראַנקע, קיין לייזיקע און שמוציקע קינדער.

מע דאַרף באַוואָרענען, אַז די וועש, בעטגעוואַנט און זאַכן, וועלכע ווערן מיטגענומען אין לאַגער, זאָלן אומבאַדינגט זיין ריין.

געוווּנטשן איז, אַז פאַרן פאָרן זאָלן די קינדער גיין אין באָד און זייערע זאַכן זאָלן דורכגיין אַ געהעריקע דעזינפעקציע.

מע דאַרף אויך זאָרגן, אַז מיט די בעטלעך און אַנדערע מעבל זאָלן אין לאַגער ניט פאַרשלעפּט ווערן קיין וואַנצן.

אַלע וווינונגען, וועלכע ווערן גענומען פאַר די קינדער, דאַרף מען פאַרן אַריינפאָרן גרינטלעך אויסרייניקן, וואַשן מיט הייסן זייפיקן וואַסער און אויב עס געפינען זיך דאָרטן וועלכע־ניט־איז פּאַראַזיטן, באַנוצן ספּעציעלע מיטלען אָפּצוטער צו ווערן פון זיי.

א גרויסן פאַרנעם באַקומען די לעצטע יאָרן אויך די ז ו מ ע ר־ק אַ־

**לאָניעס פאַר פאַרשול־קינדער.** די סאַניטאַר־היגיעניש פאָדערונגענ שיידנ זיכ דאָ װייניק װאָס אונטער פונ די סאַניטאַר־היגיענישע פאָדערונגענ אינעמ פּיאָנערנ־לאַגער.

דער טאָג־רעזשימ אונ דער כאַראַקטער פונ דער גאַנצער דערציִערישער אַרבעט דאַרפ, פאַרשטייט זיכ, זײַנ צוגעפּאַסט צומ פאַרשול־עלטער.

דערבײַ דאַרפ מענ נעמענ אינ אַכט די באַזונדערס שטאַרקע נייגונג צו אָנשטעקנדיקע קראַנקײַטנ אינעמ דאָזיקנ עלטער.

די אַלע שוינ אויסגערעכנטע אַנטי־עפּידעמישע מאָסמיטלענ מוזנ דערפאַר נאָכ פיל שטרענגער אונ פּינקטלעכער דורכגעפירט װערנ אינעמ לעבנ, איידער אינ לאַגער.

די סאַנאַטאָרישע פּיאָנערנ־לאַגערנ אונ סאַנאַטאָרישע פאָר־שול־קאָלאָניעס זײַנענ באַשטימט פאַר אַזוינע קינדער, װאָס זייער געזונט־צושטאַנד פאָדערט אַ באַזונדערע פאָרזיכטיקײַט. אַהער געהערנ קינדער, װעלכע האָבנ אַקאָרשט איבערגעטראָגנ אַ שװערע קראַנקײַט; קינדער, בײַ װעמענ די האַרצ־טעטיקײַט קומט פאָר ניט נאָרמאַל. קינדער מיט אַ שװערער פאָרמ פונ טובערקוליאָזער פאַרגיפטונג: בײַ שאַרפער גע־פערלעכער אָפּגעצערטקײַט: בײַ באַשטימטע נערװעזע דערשײַנונגענ אאַז.

דאָס דאַרפנ אָבער אַלצ זײַנ קינדער, װאָס נייטיקנ זיכ ניט אינ שטענדיקנ ליגנ, װעלכע מעגנ זיכ פרײַ באַװעגנ אונ װעלכע קאָנענ צוגעלאָזט װערנ אינ אַ קינדער־קאָלעקטיװ.

דער סאַנאַטאָרישער רעזשימ שיידט זיכ אונטער אינ אַ באַשטימטער מאָס פונעמ רעזשימ אינ געװיינלעכנ לאַגער אונ קאָלאָניע.

די אָנלאָדונגענ פונ די קינדער זײַנענ קלענערע. די פיזישע פּראָ־צעדורנ זײַנענ שטרענג אינדיװידואַליזירט. די קינדער געפינענ זיכ אונטער טאָגטעגלעכער מעדיצינישער אויפזיכט.

פאַרשטייט זיכ, אַז אויכ די װוינונגענ דאַרפנ זײַנ גרעסער אונ באַקװעמער אונ די דערנערונג נאָכ בעסער, װי אינ די מאַסנ־אַנשטאַלטנ. אַ טייל סאַנאַטאָרישע קינדער־אַנשטאַלטנ אַרבעטנ אַ גאַנצ יאָר.

---

# VIII. דער קאמפ מיט די אָנשטעקנדיקע קראנקייַטנ אינעמ קינדער־עלטער

יעדע אָנשטעקנדיקע קראנקייַט ווערט ארויסגערופנ, בא דערוואקסענע און קינדער, דורכ דעמ, וואָס עס דרינגענ ארייַנ און עס אנטוויקלענ זיכ אינעמ אָרגאניזמ קראנקייַט־שאפנדיקע מיקראָבנ, וועלכע געפינענ זיכ אינ אונדזער סוויווע.

ניט שטענדיק אָבער מוז דאָס געפינענ זיכ פונ אזוינע מיקראָבנ אינ אונדזער קערפער אומבאדינגט ארויסרופנ די באשטימטע קראנקייַט; עס הענגט אָפ דערפונ, אפ ווי ווייַט מיר זייַנענ אינ דעמ דאָזיקנ מאָמענט ביכלאל פייִק קראנק צו ווערנ, אפ ווי ווייַט מיר פארמאָגנ ניט — צוליב באשטימטע סיבעס — קיינ ווידערשטאנד־פייִקייַט, קיינ פעסטקייַט (אימוניטעט) קעגנ אָנשטעקנ זיכ ביכלאל אָדער קעגנ באשטימטע קראנקייַטנ.

שלעכטע סאניטאר־היגיִענישע באדינגונגענ — צו ווייניק זונ, לופט, אומריינקייַט, פייַכטקייַט פונ דער וווינונג, איבערמידונג — דאָס פארמינערט אינ א גרויסער מאָס די אימוניטעט קעגנ אָנשטעקנדיקע קראנקייַטנ סייַ בא קינדער סייַ בא דערוואקסענע.

דערפאר דארפ מענ אינ קאמפ קעגנ די אָנשטעקנדיקע קראנקייַטנ האָבנ אינ זינענ סייַ דאָס אייַנהאלטנ די קויכעס, דאָס אייַנהיטנ די נאטירלעכע ווידערשטאנדפייִקייַט סייַ דאָכ אויסמייַדנ די באגעגעניש מיט די שעדלעכע מיקראָבנ.

אכוצ דעמ איז אונדז באוווּסט, אז נאָכ באשטימטע קראנקייַטנ (מאָזלענ, פאָקנ אאוו) באקומט זיכ א פולקומע אימוניטעט קעגנ די דאָזיקע קראנקייַטנ אפ שטענדיק אָדער אלנפאלס אפ א סאכ יאָרנ.

עס איז אָבער וויסנשאפטלעכ דערוויזנ געוואָרנ, אז אזא שוצ קעגנ

א באשטימטער קראנקײט קענ מענ דערגרייכנ אויכ דורכנ קינסטלעכנ ארײַנפירנ אינ אָרגאניזמ באשטימטע קלײנע סכומענ אָפּגעשוואכטנ מיקראָבישנ סאמ (פונ דער דאָזיקער קראנקײט). אפ אזא אויפנ דער־גרייכט מענ א קינסטלעכע אימוניטעט קעגנ דער זעלביקער קראנקײט.

דאָס ווערט באנוצט צו פארהיטנ זיכ פונ פּאָקנ, דיפטעריט, סקאַר־לאטינ, בויכטיפוס, דיזענטעריע אאוו. דורכנ ארײַנפירנ דעמ סאמ מיט א צארטנ מעסערשטאָכ (פּאָקנ), דורכ דרײַמאָליקע אײַנשפּריצונגענ אונטער דער הויט, אָדער לעצטנס, דורכ אראָפּשלינגענ דרײַ טעג קעסײ־דער אפנ ניכטערנ מאָגנ צו 1 טאבלעטקע — באקומט זיכ די פײַיקײט אויסצומײַדנ די קראנקײט.

די דאָזיקע מיטלענ זײַנענ א גרויסע דערגרייכונג פונ דער וויסנ־שאפט אונ האָבנ שוינ געראטעוועט קאָלאָסאלע מאסנ מענטשנ פונ קראנקײטנ אונ טויט.

זייער א גרויסע באדײַטונג האָט אינעמ קאמפ קעגנ די אָנשטעקנ־דיקע קראנקײטנ דאָס צעשטערנ, ליקווידירנ דעמ אָנשטעקונג־קוואל — די אויסשיידונגענ פונ אָנשטעקנדיקע קראנקע, די פארשמוצטע דורכ די קראנקע בעגאָדימ, קיילימ, וואסער, מילכ, שפּײַז־פּראָדוקטנ אאוו., ווי אויכ דער קאמפ קעגנ די פּאראזיטנ אונ פליגנ, וועלכע שפּילנ זייער א גרויסע ראָליע אינ פארשפּרייטנ קראנקײטנ.

דאָס דערגרייכט מענ מיט פארברענענ די מיסט, אומשעדלעכ מאכנ די אורינ אונ עקסקרעמענטנ, מיט פילטרירנ אונ קאָכנ וואסער, מיט וואשנ פרוכט אונ גרינס פארנ עסנ אונ מיט דעזינפעצירנ די וווינונג אונ די זאכנ פונעמ קראנקנ גופע, אָדער אפילע פונ די מענטשנ, וועל־כע האָבנ זיכ געפונענ לעבנ אימ.

אזויווי די הויפּט־טרעגער פונ דער אָנשטעקונג איז דער קראנקער גופע—איז וויכטיקער פונ אלצדינג אימ וואָס גיכער אָפּצוזונדערנ פונ די ארומיקע מענטשנ, דעריקער פונ די, וועלכע זײַנענ מער געניײַגט אָנ־צושטעקנ זיכ אפ דער באשטימטער קראנקײט. גלײַכער פונ אלצדינג איז, פארשטייט זיכ, אײַנצואָרדענענ דעמ כוילע אינ א שפּיטאָל, ווו ס׳איז אימ גאראנטירט גיכע אונ שטענדיקע מעדיצינישע הילפ אונ ס׳גייט ארומ אימ ארומ א געניטער פּערסאָנאל.

ס׳איז נייטיק צו וויסנ, אז בא יעדער אָנשטעקנדיקער קראנקײט איז דאָ א באהאלטענער פּעריאָד, ווענ די קראנקײט איז נאָכ קימאט ניט

קענטיק. אינ דער דאָזיקער ציַיט קאָנ שוינ דער קראַנקער אָבער אָנשטעקנ. דעריבער איז זייער וויכטיק, ביפראט בא קינדער, וועלכע גיבנ א סאך א גרעסערנ פּראָצענט אָנשטעקנדיקע קראַנקע איידער דערוואַקסענע, באמ קלענסטנ כשאָד פונ עפּעס א קראנקײַט (קאָפּווייטעק, האלדזווייטעק אאַוו.) אָפּזונדערנ זיי פונ דער קינדער־מאסע, ניט צולאָזנ זיי אינ קיינ קינדער־אנשטאלטנ. קינדער, וואָס געפינענ זיכ אינ דער וווינונג, ווו ס'איז פאראנ אנ אָנשטעקנדיקער קראנקער, טאָרנ אפילע נאָכנ צונעמענ דעמ קראנקנ פונ דאָרטנ גלײַכ ניט צוגעלאָזנ ווערנ אינ קינדער־אנשטאלטנ, נאָר דארפנ אָפּווארטנ א באשטימטע ציַיט (קאראנטינ) — מעגלעכ, אז זיי זײַנענ שוינ אָנגעשטעקט אונ קאָנענ אָנשטעקנ אנדערע.

דעריבער איז זייער וויכטיק בא יעדנ כשאַד טייקעפּ ווײַזנ דאָס קינד דעמ דאָקטער, קעדיי וואָס גיכער באשטימענ מיט וואָס פאר א קראנקײַט מיר האָבנ דאָ צו טאָנ.

דאָס שטעלנ באצײַטנס דעמ דיאגנאָז גיט די מעגלעכקײַט גלײַכ אָנצונעמענ די נייטיקע היילמאָסמיטלענ, פארשפּעטיקט מענ — קאָנ נאָכ אמאָל די קראנקײַט אָנעמענ א געפערלעכנ כאראקטער (צומ בײַשפּיל — בא דיפטעריט). ניט ווייניקער ערנסט איז די פראגע וועגנ געזונטע באצילנ־טרעגער.

נאָכנ אויסהיילנ זיכ פונ אָנשטעקנדיקע געדערימ־קראנקײַטנ (בויכטיפוס, דיזענטעריע, כאָלערע) אָדער ניט קרענקענדיק אליינ אפּ באשטימטע קינדער־קראנקײַטנ — קאָנענ געזונטע מענטשנ — דערוואַקסענע אונ קינדער — ארומטראָגנ א לענגערע ציַיט אינ זייער קערפּער (געדערימ, האלדז, מויל) אָנשטעקנדיקע מיקראָבנ. אזוינע מיקראָבנ־טרעגער שפּילנ א גרויסע ראָליע באמ פארשפּרייטנ קראנקײַטנ (טיפוס, דיפטעריט, סקארלאטינ אאַוו).

בא א סאך קראנקײַט־פאלנ אינ קינדער־אנשטאלטנ, לעמאָשל, אפּ דיפטעריט, קומט דערפאר אויס צו נעמענ פּראָבעס פונעמ האלדז־שליימ בא א סאך קינדער אונ באמ פעדאגאָגישנ פּערסאָנאל, קעדיי צו געפינענ דעמ אָנשטעקונג־קוואל.

דער קאמפּ קעגנ די אָנשטעקנדיקע היץ־קראנקײַטנ דארפ זיכ אפּ אזא אויפנ אויסדריקנ דעריקער אינ: 1) שטענדיקער זאָרג פאר געזונטע לעבנ־באדינגונגענ פונעמ קינד, וואָס שטארקט זײַנ נאטירלעכע אי־

מוניטעט — אלגעמיינע סאניטאר־היגיִעניִשע מאָסמיטלענ אינ דער היימ אונ אינ קינדער־אנשטאלט. 2) ספּעציִעלע פאַרהיטונג־אײַנשפּרי־צונגענ אָדער טאבלעטירונג. 3) איזאָלירנ די קראַנקע אונ פאַרדעכטיקע, 4) באַציִִטיקנ אונ ריכטיקנ היילנ אונ אופּפּאסנ די קראַנקע אונ 5) דעזינ־פעקציע אונ דעזינבעקציע (באַפרײַענ פונ אינזעקטנ).

וואָס מער עס וועט געזאָרגט ווערנ אינ שטאָט אונ דאָרפ, אינ די וווינונגענ אונ קינדער־אנשטאלטנ וועגנ די נייטיקע סאניטאר־היגיִעני־שע מאָסמיטלענ — אלצ וויינִיקער וועלנ מיר זיכ דארפנ שרעקנ פאר עפּידעמיעס. ריינע, מיט גראָז אונ ביימער באוואָקסענע הויפנ, געראַמע, ציכטיקע, זונ' אונ לופט־רײַכע שולנ אונ קינדערגערטנער, ריינ אונ גוט עסנ, געזונט טרינק־וואסער (וואסערלייטונג, צוגעדעקטע גוטע ברונעמס, געקאָכטע וואסער), אונ א גענוגנדיקע צאָל בעדער, דושנ, וואש־צי־מערנ, וועשערײַענ, פריזערערײַענ, ריינע אָפּטריטנ אונ מיסטקאסטנס,— דאָס אלצ צוזאמענ — בא דער געהעריקער פיזישער דערציִונג, אײַנוואָרצלענדיק די היגיִענישע געוווינהײַטנ אונ ריכטיק פארטיילנדיק די צייט (ארבעט אונ אָפּרו) — גיט אונדז א שטארקנ שוצ קעגנ קראנ־קײַטנ.

קומט דאָכ אנ עפּידעמיע — דארפ מענ נאָכ מער פארשטארקנ די סאניטאר־היגיִענישע אופזיכט אונ בא א גאנצער ריי קראנקײַטנ (פּאָקנ, דיפטעריט, סקארלאטינ, דיזענטעריע, בויכ־טיפוס, פאראטיפוס, כאָלע־רע) דארפ מענ דורכפירנ אינ א גרויסנ מאסשטאב פארהיטונג־אײַנ־שפּריצונגענ (אָדער טאבלעטירונג) — אינ דער ערשטער ריי אינ די קינדער־אנשטאלטנ.

אזויווי דער וויכטיקסטער אָנשטעקונג־קוואל איז שטענדיק דער קראנ־קער גופע, מוז מענ אימ דעריבער וואָס פריִער איזאָלירנ, אָפּזונדערנ פונ די געזונטע, דעריקער פונעמ קינדער־אווילעמ.

צוליב דער אָנשטעקונג־פייִקײַט אינעמ באהאלטענעמ פעריִאָד מוזנ די עלטערנ אונ לערער שטענדיק זײַנ וואכזאמ אונ בא יעדער ענדערונג אינ דער שטימונג אונ אינעמ אויסזענ פונעמ קינד, ביפראט בא א האלדז־אָדער קאָפּווייטעק, בא א לייזנ מאָגנ אאוו. — כוישעד זײַנ א א קראנקײַט. אזוינע קינדער, אפ וועלכע מע האָט א פארדאכט, טאָר מענ ניט שיקנ אינ קינדערגאָרטנ אונ שול אונ מע דארפ זיי וואָס גי־כער פונ דאָרט באזײַטיקנ, וואָס פריִער באווײַזנ זיי א דאָקטער אונ

דערמיט לײַכטער מאַכנ דאָס היילנ זיי און דאָס שיצנ דעם קינדער־
קאָלעקטיוו קעגנ א נײַער אָנשטעקונג.

אויב אינ דער היים, אינ דער פאַמיליע אָדער אינ שכיינעס איז פאַראַנ אַנ אָנשטעקנדיקער קראַנקער — דאַרפ דאָס קינד ביזנ באַטראַכטנ אים און ביזנ באַראַטנ זיכ מיטנ דאָקטער אויב ניט געשיקט ווערנ אינ קינדער־אַנשטאַלט.

בא יעדער אָנשטעקנדיקער היץ־קראַנקײַט איז געווונטשנ דאָס קראַנקע קינד וואָס גיכער אײַנאָרדענענ אינ שפּיטאָל, אָבער אומבאַדינגט נייטיק איז עס בא סקאַרלאַטינ, דיפטעריט, פּאָקנ און אַלע דרײַ טיפוסנ, וווּ עס איז וויכטיק א שטענדיקע מעדיציניש ע אויפזיכט. ביכלאַל איז אינ דער היים א סאַכ שווערער צו היילנ ווי געהעריק א קראַנקײַט און אויפפּאַסנ דעם קראַנקנ, ווי אויכ דורכצופירנ די מאַסמיטלענ קעגנ דער ווײַטערדיקער פאַרשפּרייטונג פונ דער קראַנקײַט, איידער אינ א קראַנקנ־הויז.

קומט אָבער לעסבריירע אויס צו האַלטנ דאָס קראַנקע קינד אינ דער היים — מוז מענ זענ אים אײַנאָרדענענ אינ א באַזונדערנ גערוימיקנ, זוניקנ צימער, באַזײַטיקנ פונ דאָרטנ קוידעמקאָל אַלע איבעריקע קינדער (בא די אַלגעמיינע קראַנקײַטנ, ווי ריקפאַל־ און פלעק־טיפוס און גריפּ — אויכ די אַלטע און שוואַכע לײַט) און דאָס קראַנקע קינד זאָל די גאַנצע צײַט אויפגעפּאַסט ווערנ אינ פולנ העסקעם מיטנ דאָקטערס אָנווײַזונגענ.

יעדע קאָנטיקע ענדערונג אינעם קראַנקנס אָרגאַניזם מוז גיכ סיגנאַליזירט ווערנ דעם דאָקטער, מע מוז בא אים באַקומענ אָנווײַזונגענ וואָס צו טאָנ אינ באַשטימטע פאַלנ. באַזונדערס מוז מענ באַוואָרענענ דעם קראַנקנ א פאַרזיכטיקע אָבער גענוגנדיקע דערנערונג, ריינ האַלטנ זײַנ קערפּער, וועש, בעטגעוואַנט און גרינטלעכ לופטערנ און רייניקנ דעם צימער. בא א גאַנצער ריי פאַלנ באַזונדערס זומער־צײַט קאָנ מענ און מע דאַרפ דעם קראַנקנ האַלטנ אַפּ דער פרײַער לופט. מע מוז אָבער וועגנ אַלצדינג אַפריִער גענוי זיכ פאַרשטענדיקנ מיטנ דאָקטער.

קעדיי צו באַקעמפנ די ווײַטערדיקע פאַרשפּרייטונג פונ דער קראַנקײַט, מוז מענ פאַרניכטנ די קראַנקײַט־מיקראָבנ, וועלכע זײַנענ שטענדיק פאַראַנ אינ דעם קראַנקנס אויסשיידונג (שליים, לייכע, שפּײַעכצ, ארויסגאַנג, אורינ, בלוט) און פאַרומרייניקנ זײַנ קערפּער, זײַנע וועש,

בעגאַדים, קיילים, שפּיל־זאַכן — אַלץ, וואָס רינגלט אים אַרום און יעדן איינציקן מענטשן, וואָס האָט מיט אים און מיט זיינע זאַכן אַ וועלכע־ניט־איז מאַגעמאַכע ביים דער קראַנקייט און אפילע אין באַהאַל־טענעם פּעריאָד.

נאָכן צוגעמען דעם אַנשטעקנדיקן קראַנקן פון קינדער־אַנשטאַלט, אָדער פון דער היים, דאַרף דאָרטן וואָס גיכער דורכגעפירט ווערן אַ דעזינפעקציע.*

העפטן און אַנדערע פּאַפּיר־געגנשטאַנדן, ביליקע שפּילזאַכן אא"וו. דאַרף מען פּאַשעט פאַרברענען.

די צימערן און מעבל דאַרף מען גרינטלעך אויסוואַשן מיט הייסן לויג און מיט זייפיקער קאַרבאָל־צעלאָזונג, מיט סובלימאַט אא"וו. די ווענט דאַרפן אויסגעקאַלכט ווערן.

די וועש מוז מען גוט אויסווייקן (אין קאַלטן וואַסער מיט סאָדע) און נאָכדעם גוט אויסקאָכן.

בעגאַדים דאַרף מען אויספּרעסן מיט אַ הייסן אייזן און אַרויס־הענגען אַף דער זון.

גלייכער איז אָבער די וועש און די בעגאַדים אָפּגעבן אין דעזינ־פעקציע־קאַמער, וווּ עס ווערן אַחאַנק דער זייער הויכער טעמפּעראַטור פולקום פאַרניכטעט אַלע מיקראָבן און פּאַראַזיטן (לייז, פליי).

מע קאָן אויך דעזינפעצירן די זאַכן פון דעם קראַנקנס אַרומיקע.

עס קומט אַמאָל אויס צו פאַרמאַכן אַ קינדער־אַנשטאַלט סיי צוליב דעזינפעקציע סיי צוליבן איזאָלירן די קינדער איינס פון די אַנדערע.

באַם אַרומגיין אַרום אַן אַנשטעקנדיקן קראַנקן דאַרף מען זיין זיי־ער פאָרזיכטיק — וואַשן אָפט די הענט מיט וואַרעמען וואַסער, זייף און ספּעציעלע דעזינפעקציע־מיטלען, אויסמיידן באַגעגענישן מיט געזונטע באַזונדערס מיט קינדער, אָנטאָן באַם קראַנקן אַנדערע בעגאַדים, אַ כאַ־לאַט אאוו., פאַרבינדן די האָר, וואַשן אָפּטער דעם קערפּער.

די אויסשיידונג פונעם קראַנקן (אורין, עקסקרעמענטן, לייכעס) דאַרפן דעזינפעצירט ווערן פאַרן אַרויסגיסן זיי; די קיילים, אין וועלכע

---

* אַכוץ באַ מאָזלען, פייער־מאָזלען, ווינטפּאָקן און מומס („סווינקע“) — באַ וועלכע קיין דעזינפעקציע איז ניט נייטיק.

ס'וועלן געהאלטן דעם קראנקנס אומרייִנקייטן און די געשיר, פון וועלכע ער עסט, דארף קיין אנדערער בעשומויפן ניט באנוצן.

פון די אלע דערמאנטע מאסמיטלען הענגט אין א געוויסער מאס אפ דער פארנעם פון אן עפידעמיע. אן אומפאראנטווארטלעכע באציִונג צו די דאזיקע פראגן קאן ברענגען א סאך אומזיסטע קארבאנעס.

אלס קלאל גיט די גרעסטע צאל קראנקע און טויט־פאלן דער ערשטער לעבניאר — דאס זויג־קינד.

צוליבן אומגעהייער גיכן אנטוויקלען זיך און וואקסן פונעם קערפער אינעם דאזיקן פעריִאד שפילן די גרעסטע ראליע די פארדיי־ארגאנען. אפ די דאזיקע נאך זייער שוואכע ארגאנען פאלט אויס א שווערע אויפגאבע — באזארגן דעם וואקסנדיקן קערפער מיטן נייטיקן בוי־מאטעריאל. טאקע דערפאר איז מער ווי אייִן דריטל פון אלע קראנקייטן בא זיי פונעם מאגן און פון די געדערים.

און פארקערט, א סאך אנשטעקנדיקע קראנקייטן האבן צו זיי קיין צוטריט ניט.

גאנץ אנדערש איז די לאגע באם קינד פונעם פארשול־עלטער. זייַן ארגאניזם וואקסט איצט לאנגזאמער. די פאדערונגען צו די פארדיי־ארגאנען זייַנען בעערעך קלענערע און די דאזיקע ארגאנען זייַנען שוין פעסטער און ווייניקער רייצבאר.

אינעם פארשול־עלטער זייַנען דערפאר די קראנקייטן פון די פארדיי־ארגאנען זעלטענער — קוים $1/8$ פון אלע קראנקייטן. א סאך גרעסערן ארט פארנעמען איצט די אנשטעקנדיקע היץ־קראנקייטן.

באם זויגקינד, לויט אייניקע קוואלן, באטרעפן די דאזיקע קראנקייטן נאר $1/8$, באם שולקינד נאר $1/7$ באם פארשולקינד מער ווי $1/5$ פון אלע קראנקייטן אינעם דאזיקן עלטער (22 פראצ.).

אין א באשטימטער מאס דערקלערט זיך דאס דערמיט, וואס די פארשול־קינדער זייַנען פיל ווייניקער איזאלירט פון דער ארומיקער וועלט, ווי די זויגקינדער און האבן נאך ניט גענוג געניטקייט און פארשטאנד אין געביט פון ריינקייט און היגיִענישער אויפירונג ביכלאל.

מאזלען, סקארלאטין, דיפטעריט, קאקליוש — זייַנען די אפטסטע און געפערלעכסטע קראנקייטן אינעם פארשול־עלטער.

אינעם שול־עלטער ווערן די שארפע היץ־קראנקייטן זעלטענער. אפ זייער ארט קומען אבער א גאנצע ריי אנדערע ערנסטע קראנקייטן, ווי

טובערקוליאָז, בלוט־אָרמעקייט, נערוועיִישקייט אאוו., וועלכע שטאמען מיילוויַז פונעם פאָרשול־עלטער און אנטוויקלען זיך אָפטער פון אלץ בא ניט היגיִענישע באַדינגונגען אין דער היים און אין דער שול־ארבעט, בא שלעכטער דערנערונג און ניט נאָרמאַלן רעזשים.

צו די אַנשטעקנדיקע (שארפע) היץ־קראַנקייטן אינעם קינדער־עלטער געהערן פאָלגנדיקע:

מאָזלען קומט קימאַט שטענדיק פאָר, באזונדערס אין די שטעט, און נעמט ציַיטנוויַז אָן אַן עפּידעמישן כאראקטער. דאָסראָוו באפאלט זי קינדער אינעם פאָרשול־עלטער. בא שול־קינדער — עלטער פון 10 יאָר — טרעפט עס זעלטן.

מאָזלען איז אָבער שטארק אַנשטעקנדיק פאר יעדער מענטשן, וועל־כער האָט זי נאָך ניט געהאט.

אַנשטעקן קאָן מען זיך דעריקער פונעם קראַנקן גופא און ניט נאָר בא די ערשטע סימאָנים פון דער קראַנקייט, נאָר אפילו אינעם באהאל־טענעם פעריִאָד. *

מע שטעקט זיך אָן דורך דער טראָפּן־אינפעקציע, בײַם דער קראַנ־קער הוסט אָדער רעדט ווערן ארויסגעוואָרפן טראָפּנדלעך שליים, ליי־כעס און שפּיַיעכץ, וועלכע פארמאָגן אַנשטעקונג־שטאָף און קאָנען אריַינגעאָטעמט ווערן דורך די ארומיקע. מע קאָן זיך אָבער אויך אָנ־שטעקן דורכן קראנקנס קיילים און זאכן.

נאָכן אָפּמאָזלען באקומט מען פולקומע ווידערשטאנדהאפטיקייט (אי־מוניטעט) קעגן דער דאָזיקער קראַנקייט.

דעם מיקראָב פון מאָזלען האָט מען נאָך ניט פעסטגעשטעלט, דער באהאלטענער פעריִאָד דויערט דאָסראָוו 8—10 טעג. די קראַנקייט דער־קענט מען גאנץ לייַכט: זי הייבט זיך אָן מיט א העכערער טעמפּעראַ־טור, וועלכע דערגרייכט ביז 39—40 גראַד, און מיט אַן אָנצינדונג פון די שליים־הייַטלעך פון נאָז, גאָרגל און די אויגן (קאטער, הוסט, רויטע אויגן).

אין א פאָר טעג ארום פאלט די טעמפּעראַטור. עס הייבן זיך אָן באוויַיזן די פלעקן פון מאָזלען און די טעמפּעראַטור שטיַיגט ווידער.

* אזוי הייסט די צייַט צווישן אָנשטעקן זיך און די ערשטע סימאָנים פון דער קראַנקייט.

אינ א טאָג ארומ נאָכנ אויסשיטנ הייבנ אָנ די פּלעקנ בלייכער ווערנ.
עס שיילט זיכ די הויט, די טעמפּעראטור נעמט פאלנ, די אָנציינדונג־
דערשיינונגענ ווערנ שוואכער. אינ 7—10 טעג איז די קראנקייט פאר־
ענדיקט.

נאָכ מאָזלענ קאָנענ זיכ טרעפנ פארשיידענע קאָמפּליקאציעס.

אינ באשטימטע פאלנ, באזונדערס בא גאָר קליינע קינדער, מאכט מענ
אזוינע ספּעציעלע איינשפּריצונגענ, וועלכע פארהיטנ לאכלוטנ פונ מאָזלענ
אָדער פארלייכטערנ לעכאלאפּאָכעס דעמ פארלויפ פונ דער קראנקייט.

מע שפּריצט אריינ די בלוט־כראָוועטקע פונ א מענטשנ, וועלכער
האָט שוינ געמאָזלט.

סקארלאטינ, איינצלנע פאלנ קומענ שטענדיק פאָר, ביפראט אינ
די גרויסע שטעט. צייטנווייז, באזונדערס אינ הארבסט אונ אָנהייב
ווינטער, פלאקערנ זיכ אָבער פאנאנדער עפּידעמיעס פונ פארשיידענער
שטארקייט. אמערסטנ קרענקענ אפ סקארלאטינ קינדער פונ 3 ביז
10 יאָר. דער מיקראָב איז נאָכ אפ זיכער ניט פעסטגעשטעלט גע־
וואָרנ די קראנקייט פארשפּרייט זיכ אפנ זעלביקנ אויפנ, ווי מאָזלענ,
אויכ דורכ באצילנ־טרעגער.

דער באהאלטענער פעריאָד פונ סקארלאטינ דויערט 4—5 טעג.

דאָס קינד הייבט זיכ דאנ אָנ פילנ ניט גוט, הערט אופ עסנ, קלאָגט
זיכ אפ קאָפּווייטעק. נאָכדעמ הייבט זיכ מיטאמאָל אופ די טעמפּע־
ראטור ( 39—40 אונ העכער), עס פילט זיכ א האלדז־ווייטעק באמ
שלינגענ (אנגינע), עס הייבט אָנ איבלענ אונ ברעכנ. אפנ צווייטנ
מעסלעס באוויזט זיכ אפנ לייב, דער טיפּישער סקארלאטינ־אויסשיט.
די טעמפּעראטור האלט זיכ געווײנלעכ 4—5 טעג, דאנ הייבט זי אָנ
צו פאלנ. גלייכצייטיק פארשווינדט אויכ דער אויסשיט אונ דאָס קינד
הייבט זיכ אָנ פילנ בעסער. עס קאָנענ זיכ נאָכ אָבער אנטוויקלענ
פארשיידענע אנדערע קרענקלעכע דערשיינונגענ פונ סקארלאטינ גופע
אונ קאָמפּליקאציעס.

אפ דער צווייטער וואָכ פונ דער קראנקייט הייבט זיכ אָנ שיילנ די
הויט, וואָס איז באזונדערס קאָנטיק אפ די פּיאטעס אונ דלאָניעס, ווו
די הויט נעמט זיכ אראָפּ ווי הענטשקעס. די דאָזיקע הויט־שאָלעכצ,
ווי אלע אויסשיידונגענ פונעמ קראנקנס קערפּער, זיינענ שטארק אָנ־
שטעקנדיק.

עס טרעפנ אזוינע לײַכטע פאלנ פונ סקארלאטינ, אז מע דערװײסט זיכ פונ איר דעריקער דורכנ שײלנ זיכ פונ דער הויט.

זײער נוצלעכ האָבנ זיכ ארויסגעװיזנ די ספעציִעלע פארהיטונג־אײַנשפריצונגענ. אינ מאָסקװע זײַנענ זײ דורכגעפירט געװאָרנ אינ א גרויסנ מאסשטאב אונ זײ האָבנ געגעבנ א פארקלענערונג פונ דער צאָל קראנקע (אינ 10—16 מאָל װײניקער אײדער בא די איבעריקע קינדער). קײנע טויט־פאלנ זײַנענ בא די אײַנגעשפריצטע ניט געװענ.

בײַם דער קראנקײַט גופע װערנ אינ באשטימטע פאלנ אָנגעװענדט אויכ ספעציִעלע הײל־אײַנשפריצונגענ.

דיפטעריט איז אויכ זײער אנ אָנשטעקנדיקע קראנקײַט. אינ די צארישע צײַטנ פלעגט ניט זעלטנ אינ אנדערע דערפער אונ שטעטלעכ אויסשטארבנ פונ דיפטעריט קימאט די גאנצע קינדער־באפעלקערונג.

אדאנק די זיכערע פארהיטונג־מיטלענ (אײַנשפריצונגענ), װעלכע װערנ איצט בא אונדז אָנגעװענדט, איז די צאָל קראנקע אונ טויט־פאלנ געװאָרנ א סאכ קלענער. די עפּידעמיעס פונ דיפטעריט האָבנ אָבער נאָכ ניט אויפגעהערט אונ נעמענ נאָכ אָנ אָפט — באזונדערס אינ די גרויסע שטעט — אנ ערנסטנ כאראקטער. דער סעזאָנ פונ דער קראנקײַט — װי בא סקארלאטינ — איז די פײַכטע אונ קאלטע צײַט.

דאָסראָװ קראנקע זײַנענ אלט פונ 3 ביז 8 יאָר, בא עלטערע פונ 15 יאָר טרעפט עס זעלטנ.

דער מיקראָב פונ דיפטעריט איז גענוי באװוסט.

די דיפטעריט־באצילנ דרינגענ ארײַנ אינ שלײם־הײַטל פונ נאָז, שלונג אָדער גאָרגל. שפעטער דרינגענ די באצילנ ארײַנ אינ פארשײדענע אנדערע אָרגאנענ אונ דאָס בלוט צעטראָגט זײער סאם (טאָקסינ) איבערנ גאנצנ קערפער.

די אָנשטעקונג קומט פאָר װי בא סקארלאטינ.

דער באהאלטענער פעריִאָד דויערט בא דיפטעריט א פּאָר טעג, דער קראנקער איז שוינ דאנ בעקויעכ אָנצושטעקנ. די קראנקײַט פארלויפט אפ פארשײדענע אויפאנימ. גרעסטנטײל באגרענעצט זי זיכ מיטנ שלונג, פארכאפט דאָרטנ די מאנדלענ אונ ענדיקט זיכ אינ 4—7 טעג ארום.

אינ אָנהײב װערנ די קינדער בלאס, זײַנענ מיד, אָנ אפעטיט, ברעכנ, קלאָגנ זיכ אפ קאָפּװײטעק אונ עס װערט שװער צו שלינגענ.

אפ מאָרגנ איז די טעמפּעראַטור ‎38—39‎ די דריזנ אפּנ האַלדז ווערנ געשוואָלנ.

דער שלונג ווערט געשוואָלנ אונ דאָס מאַכט שווער דאָס אָטעמענ. די טעמפּעראַטור קאָנ אַראָפּפאַלנ אונ אפילע זײַנ נאָרמאַל, דער צו־שטאַנד פונעם קראַנקנ קאָנ אָבער בלײַבנ ערנסט.

עס טרעפּנ — ווי בא סקאַרלאַטינ — זייער לײַכטע פאַלנ, ווענ מע קאָנ די קראַנקײַט פאַרזענ אונ זי אָנעמענ פאַר א געווייגלעכער אנ־גינע.

בא קינדער פונ 2 ביז 5 יאָר טרעפט ניט זעלטנ דיפטעריט פונעם גאָרגל („עמעסער קרופּ”). דער שלונג ווערט דאַנ אַזוי אופגע־שוואָלנ אונ ענג, אַז עס ווערט שווער אונ אמאָל אפילע אומעגלעך דורכ־צולאָזנ די לופט אינ די לונגענ ארײַנ, וואָס קאָנ באַם פעלנ פונ מע־דיצינישער הילף דערפירנ צו א טויט דורכ דערשטיקט ווערנ.

בא אזא צושטאַנד געלינגט דאָס קינד צו האַטעווענ דורכ אנ אָפּע־ראַציע. מע שנײַדט דורכ דעם גאָרגל אונ מע שטעלט ארײַנ א מעטאַ־לענעם רערל אָדער מע שטעלט ארײַנ אַזאַ רערל דורכ מויל, ניט אופ־שנײַדנדיק דעם גאָרגל. אפ אזא אויפנ גיט מענ דעם קראַנקנ קינד די מעגלעכקײַט ווײַטער צו אָטעמענ.

באַם עמעסנ קרופּ, ביפראַט אינ אָפּערירטע פאַלנ, טרעפּנ אָפּט לונגענ־אָנצינדונגענ.

עס קאָנ נאָכ טרעפּנ דיפטעריט פונ נאָז, וועלכער ווערט אָפט פאַרזענ אונ העלפט מיט צו פאַרשפּרייטנ די קראַנקײַט.

אַלס זיכערנ מיטל צו היילנ דיפטעריט ווערנ שוינ א סאַכ יאָרנ באַ־נוצט די הייל־אײַנשפּריצונגענ פונ בערינג (אנטדעקט 1890 י.), אדאַנק וועלכע די שטערבלעכקײַט האָט זיכ פאַרקלענערט. מע מוז אָבער די דאָזיקע אײַנשפּריצונגענ מאַכנ באַצײַטנס.

נאָכ וויכטיקער זײַנענ די פאַרהיטונג־אײַנשפּריצונגענ קעגנ דיפ־טעריט, וועלכע גיבנ זייער גוטע רעזולטאַטנ. דורכ ארײַנשפּריצנ עטלעכע מאָל צו קליינע סכומענ אָפּגעטויטע דיפטעריט־באַצילנ באַקומענ די קינדער אפ א באַשטימטער צײַט א ווידערשטאַנדפייִקײַט קעגנ דער דאָזיקער קראַנקײַט.

קײַכהוסט (קאָקליוש) איז זייער אָנשטעקנדיק אונ קומט פאָר אינ פאָרם פונ גרעסערע אָדער קלענערע עפּידעמיעס. דאָסראָוו קרענקענ אפ

דעם קינדער ביז 5 יאָר. די אָנשטעקונג — דורך דער טראָפּן־אינפעקציע. דער מיקראָב באַזעצט זיך אויף דעם שליימהייטל פון די אָטעם־אָרגאַנען.

דער באַהאַלטענער פּעריאָד דויערט 5—15 טעג. די קראַנקייט הייבט זיך אָן מיט א ניסן און הוסטן, אַמאָל מיט א העכערער טעמפּעראַטור. שפּעטער ווערט דער הוסט אָפטער און שטאַרקער און באַקומט זיין טיפּישן כאַראַקטער.

דאָסמאָל דויערט די קראַנקייט אָנגעהאַלטן—צוויי כאָדאָשים, דער כאַראַקטעריסטישער הוסט קאָן זיך אָבער האַלטן א לאַנגע צייט.

לאַכן אָדער וויינען, א שטאַרקע באַוועגונג באַם שפּילן אָדער א הוסט־אָנפאַל פון א צווייטן קינד קאָנען אַרויסרופן דעם קאָקליוש־הוסט. די הוסט־אָנפאַלן קומען אָפטער פאַר באַנאַכט.

עס קאָנען טרעפן קאָמפּליקאַציעס אין די אָטעם־אָרגאַנען.

פון אָפטע און שטאַרקע הוסט־אָנשטרענגונגען באַם קאָקליוש קאָן אַמאָל אַרויספאַלן די אונטערשטע קישקע, דאָס ניט איינהאַלטן פון די עקסקרעמענטן. עס קאָן זיך אויך שאַפן א קילע.

קיינע זיכערע ספּעציעלע הייל־מיטלען זיינען ניטאָ. דער איקער איז — באַזאָרגן די קראַנקע מיט פרישער לופט און מיט גוטער צוגעפּאַסטער דערנערונג.

פּאָקן. איז זייער אָנשטעקנדיק אין יעדן עלטער. די פּאָקן־עפּידעמיעס פלעגן אינעם צאַרישן רוסלאַנד אַוועקרויבן יעדעס יאָר בא 100 טויזנט לעבנס. זינט מע האָט אָנגעהויבן צו שטעלן פּאָקן איז געפאַלן די צאָל פּאָקן־קראַנקע און טויט־פאַלן. אין 1919 יאָר האָט די ראַטן־רעגירונג אַרויסגעגעבן א דעקרעט וועגן אַבליגאַטארישן שטעלן פּאָקן, און עס ווערן אָנגענומען ענערגישע מיטלען, כדי אינגאַנצן פּאַטער צו ווערן פון דער דאָזיקער שווערער און געפערלעכער קראַנקייט.

דעם מיקראָב האָט מען נאָך ניט אַנטדעקט. די קראַנקייט גיט זיך איבער דורך דער טראָפּן־אינפעקציע, דורך דעם קראַנקנס זאַכן און, ווי עס שיינט, אויך דורך פליגן.

צוויי מאָל קרענקען אויף פּאָקן איז קימאַט אויסגעשלאָסן. באַם צושטעלן קו־פּאָקן באַקומט זיך די זעלבע אימוניטעט, אָבער נאָר אויף 7—10 יאָר.

דער באַהאַלטענער פּעריִאָד דויערט 9—14 טעג. די קראַנקײַט הייבט זיכ אָנ פּלוצלינג מיט טרייסלעניש, קאָפּווייטעק אונ הויכער טעמפּעראַ־טור (40 גראַד אונ מער), אַקשאַנעסדיק ברעכנ (באַזונדערס בא קינ־דער) אונ נערוועזע דערשײַנונגענ (שלעכטער שלאָפּ אדג.), אַלגעמיי־נער שוואַכקײַט אונ ווייטעקנ אינ קרייצ, גאַרטל אונ אינ די ענדגלי־דער.

אויפנ צווייטנ טאָג באַדעקט זיכ דער קערפּער מיט רויטע פלעקנ, וועלכע האַלטנ זיכ 1—2 טעג. שפּעטער באַווײַזנ זיכ אויפנ פּנים אונ האַריקנ טייל פונעמ קאָפּ קליינע רויטע בלאָטערלעכ, וועלכע ווערנ אינ די נאָענטסטע טעג מער אונ גרעסער אונ פאַרשפּרייטנ זיכ אויפנ גאַנצנ לײַב אונ אויפ די ענדגלידער. אינ צוויי טעג אַרומ פאַרוואַנדלענ זיי זיכ אינ העלע בלעזעלעכ מיט א פליסיקײַט.

בײַמ דעמ דאָזיקנ פּראָצעס פאַלט די טעמפּעראַטור אונ דעמ קראַנקנ ווערט לײַכטער. די בלעזעלעכ ווערנ פאַרייטערט, די אויגנ פאַר־קלעפּנ זיכ, דער קאָל ווערט הייזעריק, דאָס קײַענ, שלינגענ אונ אָטע־מענ דורכנ נאָז ווערט ווייטיקדיק. די טעמפּעראַטור שטײַגט ווידער. דאָס איז דער שווערסטער פּעריִאָד. דער קראַנקער איז אומבאַהאָלפנ. יעדע באַוועגונג איז ווייטיקדיק.

אינ דרײַ טעג אַרומ קאָנ אָנקומענ א בעסערונג. די בלאָטערלעכ הייבנ אָנ צו טריקענענ אונ אַראָפּפאַלנ, די טעמפּעראַטור ווערט ביסל־עכווײַז קלענער. די קראַנקײַט דויערט 2—3 וואָכנ.

די שטאַרבלעכקײַט פונ פּאָקנ־קראַנקע איז 30—60 פּראָצ. באַזונ־דערס געפערלעכ איז די דאָזיקע קראַנקײַט פאַר זויגקינדער. פונ פּאָקנ קאָנ מענ אויכ בלינד ווערנ.

לויט דער פאַראָרדענונג פונ דער האַטנ־רעגירונג מוז מענ שטעלנ פּאָקנ אַלע קינדער ביז א יאָר (גלײַכער צו 3—6 כאַדאָשימ), א צווייטנ מאָל — צו 10—11 יאָר, דאַנ צו 20—21 יאָר.

אינ די זומערדיקע היצנ אונ בא א וועלכער ניט איז אַלגעמיינער קראַנקײַט אָדער הויט־קראַנקײַט דאַרפ מענ קליינע קינדער קיינ פּאָקנ ניט שטעלנ.

באַמ שטעלנ פּאָקנ טראָגנ די קינדער טייקעפּ אַריבער די קראַנ־קײַט, אָבער אינ אַנ אומפאַרגלײַכלעכ לײַכטער פאָרמ. אויב באַמ זויג־קינד נעמענ זיכ די פּאָקנ ניט צו, מוז מענ עס אינ א קורצער צײַט

ארומ איבערכאזערנ און זענ, עס זאָל אינעמ ערשטנ יאָר איינ מאָל זיכ צונעמענ.

ווינטפּאָקנ האָבנ מיט עמעסע פּאָקנ קיינ שומ שײַכעס ניט. די דאָזיקע קראַנקײַט טרעפט זיכ דאָסראָוו בא קינדער פונ 3 ביז 10 יאָר. אינ שטאָט איז זי שטענדיק פאַראַנ, קיינ גרויסע עפּידעמיעס רופט זי ניט ארויס. דעמ מיקראָב האָט מענ נאָכ ניט אנטדעקט. דער באהאַלטענער פּעריִאָד דויערט 2—3 וואָכנ. די קראַנקײַט הייבט זיכ אָנ מיט קאָפּווייטיק, שוואַכקײַט, אמאָל מיט ברעכנ. די טעמפּעראַטור איז דאָסראָוו אונטער 39 גראַד. אינ 1—2 טעג ארומ באַווײַזט זיכ אפ די פאַרשיידנסטע ערטער פונעמ קערפּער דער כאַראַקטעריסטישער אויסשיט. אפּריִער זײַנענ עס צעזייטע פלעקנ, וועלכע פאַרוואַנדלענ זיכ אינ א פּאָר שעה ארומ אינ בלעזלעכ. זיי שיטנ זיכ אויס עטלעכע מאָל און נאָכאַנאַנד אזוי, אז אייגנצײַטיק געפינענ מיר אפנ קערפּער סײַ פלעקנ סײַ בלעזלעכ. אינ 2 טעג ארומ הייבנ אָנ די בלעזלעכ פאַרטריקענענ און אפנ 7—8 טאָג פאַלנ די פאַרטריקנטע הײַטלעכ אראָפּ ניט איבערלאָזנדיק קיינ שומ סימענ.

די קראַנקײַט איז ביכלאַל זייער א לײַכטע און פאַרלויפט געוויינלעכ אָנ שומ קאָמפּליקאַציעס.

נאָר בא אויסגעצערטע און זויגקינדער קאָנענ פונ די בלעזלעכ ווערנ וווּנדנ.

אינ דער צײַט פונ אויסשיט דאַרפ מענ די קינדער האַלטנ אינ בעט. די גאַנצע צײַט מוז מענ פּינקטלעכ אָפּהיטנ די ריינקײַט און אכטונג געבנ, אז די בלעזלעכ און וווּנדנ זאָלנ ניט פאַרשמוצט ווערנ. קינדער מיט ווינטפּאָקנ דאַרפנ ניט באַזוכנ קיינ קינדער־אַנשטאַלט.

פײַער־מאָזלענ. (краснуха) איז א לײַכטע אָנשטעקנדיקע קינדער־קראַנקײַט, זייער ענלעכ צו מאָזלענ. די אָנשטעקונג — ווי בא מאָזלענ. קיינ עפּידעמיעס טרעפט דאָסראָוו ניט. דער באהאַלטענער פּעריִאָד — 2—3 וואָכנ. פאַרנ אויסשיט מערקט זיכ א שוואַכקײַט, האַלדז־ווייטיק, א קאַטער, א רויטקײַט פונ די אויגנ, א העכערע טעמפּעראַטור. די פלעקנ באַווײַזנ זיכ מיטאמאָל אפנ גאַנצנ קערפּער. די קראַנקײַט דויערט סאַכאַקל 3—4 טעג.

„סווינקע” איז אנ עפּידעמישע היץ־קראַנקײַט, וועלכע טרעפט זיכ אָפּטער בא קינדער פונ 5 ביז 15 יאָר, זי טרעפט זיכ אָבער אויכ בא

יוגנטלעכע. קײנ גרויסע עפּידעמיעס קומענ ניט פאָר, עס באַגרענעצט זיכ מיט פאַמיליעס, דירעס, הויפנ, קינדערהיימענ, קינדערגערטנער, שול־גרופּנ אאַ.

די קראַנקײט דריקט זיכ אויס אינ דעמ, וואָס עס ווערט אָנצינדעט אונ שטאַרק געשוואָלנ איינער אָדער בײדע הינטער־אויער־דריזנ, וועלכע אַרבעטנ אויס שפּײַעכץ אונ שײדנ עס אַרויס אינ מויל.

דער מיקראָב איז נאָכ ניט אַנטדעקט. די אָנשטעקונג קומט פאָר נאָר פונעמ קראַנקנ גופ. דער באַהאַלטענער פעריאָד דויערט צוויי—דרײַ וואָכנ.

די קראַנקײט הייבט זיכ אָנ מיט שוואַכקײט, טרייסלעניש, קאָפּווייטעק. אַמאָל אויכ מיט בלוט פונ נאָז. די טעמפּעראַטור איז 38—39.

אָפּנ 2—3 טאָג פילט מענ אַ ווייטעק באַמ עפענענ דעמ מויל אונ באַמ קײַענ. באַזונדערס מוט ווײ הינטערנ אויער. אינ עטלעכע שאָ אַרומ ווערט דאָ שוינ אָפּגעשוואָלנ. אינ עטלעכע טעג אַרומ פאַלט די טעמפּעראַטור אונ די געשווילעכץ ווערט קלענער. די קראַנקײט דויערט 6—7 טעג.

עס קענענ קראַנק ווערנ בײדע הינטער־אויער־דריזנ איינצײטיק אָדער איינער נאָכ דעמ אַנדערנ, דאַנ פאַרציט זיכ די קראַנקײט אַ ביסל לענגער.

עס טרעפט אַ גאַנצע רײ קאָמפּליקאַציעס.

באַ עלטערע יינגלעכ אָדער באַ דערוואַקסענע מענער קענ נאָכ דער דאָזיקער קראַנקײט פאָרקומענ אַנ אָנצינדונג פונעמ אייעלע (זערע־דריז). די טעמפּעראַטור שטײַגט ווידער, דאָס אייעלע ווערט געשוואָלנ. עס דויערט 7—10 טעג. אַלס רעזולטאַט דערפונ קענ דאָס אייעלע אַטראָפּירט (כאָרעוו) ווערנ. באַ עלטערע מיידלעכ קענ אויכ אָנצינדעט ווערנ דער אייערשטאָק, דערבײַ האָט מענ היץ אונ ווייטעקנ.

באַ קינדער זײַנענ קאָמפּליקאַציעס זעלטענער. עס טרעפנ אָבער אַמאָל איבערכאַזערונגענ (אינ 2—3 וואָכנ אַרומ) פונעמ גאַנצנ פּראָצעס מיטנ זעלביקנ אָדער מיט אַ גיכערנ טעמפּ.

גריפּ קומט פאָר אינ פאָרמ פונ גרויסע עפּידעמיעס־אויפפלאַקערונגענ, וועלכע קענענ מיט איבעררײַסנ פונ 25—30 יאָר פאַרכאַפּנ כימאַט דעמ גאַנצנ ערד־קײַלעכ (פּאַנדעמישער גריפּ, שפּאַנקע), אָנגרײַפנדיק דעריקער יוגנטלעכע אונ עלטערע קינדער; גריפּ קענ אויכ פאָרקומענ

אין פאָרמ פונ שטענדיקער שטאָטישער קראנקייט, וועלכע רירט אָנ דאָסהאָוו קליינע קינדער (פונ א האלבנ ביז 5 יאָר).

דער מיקראָב פונעמ גריפּ איז באוווסט. דער באהאלטענער פעריאָד איז 1—3 טעג. די קראנקייט הייבט זיכ אָנ מיט אלגעמיינע דערשייגונגען און מיט העכערער טעמפּעראטור, קאָנ פארלויפנ פארשיידנ און גערויערנ א פארשיידענע צייט. באמ פאנדעמישנ גריפּ קאָנ די טעמפּעראטור פונ 39—40 האלטנ בא א 6—7 טעג. עס ליידנ אָפט דערייקער די אָטעמ־אָרגאנענ (אָנצינדונג פונ גאָרגל, בראָנכיט, לונגענ־קראנקייט) און די נערוונ־סיסטעמ. געפערלעכער פונ אלצ איז לונגענ־אָנצינדונג.

באמ געוויינלעכנ גריפּ — ביפראט בא קליינע קינדער, קומענ אָפט פאָר אָנצינדונגענ פונ די שליימהייטלעכ פונ די אויגנ, פונ נאָז (קאטער) און פונ די איבעריקע אָטעמ־אָרגאנענ. געפערלעכער פאר אלע איז די לונגענ־אָנצינדונגען.

בא ביידע גריפּ־פאָרמענ, באזונדערס אינ שווערע פאלנ, קאָנענ אָנגערירט ווערנ אויכ אנדערע וויכטיקע אָרגאנענ (אויער, הארצ, נירנ), די נייגונג צו קאָמפּליקאציעס, וועלכע פארציִענ זיכ אפ א לענגערער צייט, איז ביכלאל דער כאראקטעריסטישער שטריכ פונ גריפּ.

וואָס יינגער עס איז דאָס קינד, אלצ געפערלעכער איז פאר אימ די קראנקייט.

דיזענטעריע — זי גיט די גרעסטע צאָל קראנקע אינ די הייסע זומער־כאדאָשימ און גרייפט אָנ דעריקער קינדער, אינ א גרויסער מאָס דעמ זויגעלטער.

דעמ דיזענטעריע־מיקראָב האָט מענ אנטדעקט. די אָנשטעקונג קומט פאָר דורכ דעמ, וואָס מע ברענגט ארייִנ אינ מויל דורכ די הענט, קייליומ, וועש, עסנוואַרג, וואסער אאוו. וועלכע זייִנענ פארומרייניקט מיט אויסשיידונג (ארויסגאנג, אורינ, שווייס) פונעמ קראנקנ—דיזענטעריע־מיקראָבנ. דורכנ באנוצנ רויע וואסער פונ א ברונעמ אָנ אָנ אלגעמיינעמ צוגעפּעסטיקטנ עמער, קאָנ מענ באקומענ אָנ אָנשטעקנדיקע געדערימ־קראנקייט, ווי דיזענטעריע, בויכטיפוס אא., וואָס גייט ארומ אינ דאָרפ אָדער שטעטל. ביכלאל קאָנ א ברונעמ אָדער א טייִכ פארומרייניקט ווערנ פונ אָפּטריטנ, שטאלנ אא., דורכנ וואסער, וועלכער טראָגט אוועק די שמוצ אינ טייִכ אָדער אינ א שלעכט־איינגעאָרדנטנ ברונעמ.

אויכ דורכ פליגנ קאָנ די קראנקײַט פארשפרייט ווערנ, געזונטע מענטשנ קאָנענ אויכ פאנאנדערטראָגנ די דאָזיקע קראנקײַט (באצילנ־טרעגער).

די דיזענטעריע דריקט זיכ אויס אינ אנ אָנצינדונג פונ דער גראָבער קישקע אונ אינ אלגעמיינע פארגיפטונג־דערשײַנונגענ.

די טעמפעראטור קאָנ זײַנ נאָרמאל אונ קאָנ זיכ אופהייבנ זייער שטארק. נאָכדעמ הייבט זיכ אָנ אנ אָפטער (10—12 מאָל אינ מעס־לעס) לייזער מאָגנ מיט שליימ אָדער מיט שליימ אונ בלוט. זייער אָפט — באזונדערס אינ שווערע פאלנ — באשטייט דער ארויסגאנג אויסשליסלעכ פונ שליימ אונ בלוט. בויכווייטעק, ברענעניש אינ דער אונטערשטער קישקע, דאָס ווענ אָפט ארויסגיינ — זײַנענ קימאט באשטענדיקע דערשײַנונגענ אונ צווינגענ די קינדער אָפזיצנ לאנג אפנ טעפל אונ קוועטשנ זיכ.

לײַכטע אונ מיטעלע פאלנ דויערנ 2—4 וואָכנ אונ גייענ דורכ בעז־שאָלעמ. עס טרעפנ אָבער אויכ שווערע פאלנ (הויכע טעמפעראטור, 30—70 מאָל ארויסגיינ).

אנ אָפטע קאָמפליקאציע איז דאָס ארויספאלנ פונ דער אונטער־שטער קישקע.

בײַ עפידעמיעס פונ דיזענטעריע ווערנ באנוצט פארהיטונג־אײַנשפרי־צונגענ (אונטערנ הויט) אָדער פארהיטונג־טאבלעטקעס (דורכנ מויל) וועלכע באשטייענ פונ אָפגעטויטע דיזענטעריע־מיקראָבנ.

די אײַנשפריצונגענ ווירקנ זייער גוט. די טאבלעטקעס האָט מענ ערשט ניט לאנג אָנגעהויבנ צו באנוצנ.

בויכ־טיפוס הערשט אינ פאָרמ פונ עפידעמיעס זומערצײַט אונ אינ הארבסט אונ שוינט נאָר גאָר קליינע זויגקינדער. ער גרײַפט אָנ הויפט־זאכלעכ דערוואָקסענע אונ קינדער פונ 5 ביז 10 יאָר.

דער מיקראָב פונ בויכ־טיפוס איז באוווּסט. די אָנשטעקונג קומט פאָר (ווי בײַ דיזענטעריע) דורכ ארײַנברענגענ אינ די געדערימ די אויסשיידונגענ פונעמ קראנקנ, ווי אויכ דורכ באצילנ־טרעגער.

א גרויסע ראָליע שפילט בײַ דער אָנשטעקונג די פארומרייניקונג פונ די וואסער־קוואלנ (ברונעמס, וואסערלייטונג) אונ פונ מילכ.

דער באהאלטענער פעריאָד דויערט 2—3 וואָכנ.

די קראנקײַט קאָנ זיכ אָנהייבנ אומבאמערקט מיט א פאמעלעכנ

שטײַגנ פונ דער טעמפעראטור. בא קינדער איז אָבער אָפטער שוינ אינ די ערשטע טעג גרויסע היץ.

אָפט באווײַזנ זיכ אפנ לײַב העלראָזע פלעקנ, גריים ווי לינדזנ.

דער מאָגנ קאָנ זײַנ לויז, עס קאָנ אָבער אויכ זײַנ א פארשטאָפונג.

בויכ־טיפוס געדויערט 4—5 וואָכנ. דער שווערסטער פעריאָד איז אינ דער צווייטער וואָכ.

די פארהיטונג־אײַנשפריצונגענ ווירקנ זייער גוט. עס ווערנ אויכ באנוצט טאבלעטקעס.

פאראטיפ שיידט זיכ אונטער פונעמ בויכ־טיפוס מיט אייניקע איינגעשאפטנ פונעמ מיקראָב. דער פארלויפ פונ דער קראנקײַט איז קימאט דער זעלביקער אָדער פיל לײַכטער.

פלעקטיפוס ווערט פארשפרייט דורכ לײַז.

אפ פלעקטיפוס קרענקענ מער עלטערע קינדער. אָבער עס קאָנ טרעפנ אויכ בא זויגקינדער פונ 3—4 כאדאָשים. די גינסטיקסטע צײַט פאר דער קראנקײַט איז האַרבסט אונ ווינטער, ווײַל דעמלט ווױנט מענ אינ ערגערע סאניטאר־היגיענישע באדינגונגענ, מע וואשט זיכ זעלטענער אונ מע באנוצט ווייניקער לופט אונ זונ.

דעמ מיקראָב פונ פלעקטיפוס האָט מענ נאָכ ניט אנטדעקט. דער באהאלטענער פעריאָד קאָנ דויערנ ביז 2 וואָכנ.

אינ די מערסטע פאלנ הייבט זיכ די קראנקײַט ניט אָנ פלוצלינג. א פאָר טעג קלאָגנ זיכ די קינדער אפ שוואכקײַט אונ קאָפווייטעק. שפעטער דערגייט די טעמפעראטור ביז 39—40 גראד. אונ עס באווײַזט זיכ דער אויסשיט.

די העכסטע מאדרייגע דערגרייכט די קראנקײַט אפנ 4־טנ ביזנ 10־טנ טאָג, נאָכדעמ הייבט די טעמפעראטור אָנ צו פאלנ אונ עס בעסערט זיכ דער אלגעמיינער צושטאנד. ביכלאל פארלויפט די קראנקײַט בא קינדער א סאכ לײַכטער ווי בא דערוואַקסענע.

פארהיטנ זיכ פונ פלעקטיפוס קאָנ מענ דעריקער מיט אנ אקשאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ לײַז, דורכ ציכטיקײַט, אָפטנ וואשנ זיכ, בײַטנ אָפט וועש אאז״וו.

ריקפאל־טיפוס איז אינ פראט פונ פארשפרייטקײַט, אָנשטעקונג אונ סעזאָנ זייער ענלעכ צומ פלעקטיפוס.

דער מיקראָב איז באוווסט, ער געפינט זיכ אינ בלוט. די קראנקײַט

גיט זיכ איבער דעריקער דורכ ליַיז, אָבער, מעגלעכ, אויכ דורכ וואַנצנ.

דער באַהאַלטענער פּעריִאָד דויערט 3—8 טעג. די קראַנקײַט הייבט זיכ אָנ גיכ מיט הויכער טעמפּעראַטור (39—40 גראַד).

נאָכ א האַפּסאַקע מיט א נידעריקער טעמפּעראַטור קומט א צווייטער פּעריִאָד פונ הויכער טעמפּעראַטור אונ דאַנ ווידער — עטלעכע טעג מיט נידעריקער טעמפּעראַטור. אַזוי כאַזערט זיכ עס איבער בא קינדער א מאָל 2—6. די קראַנקײַט דויערט בא 3 וואָכנ.

אַזוי ווי דער מיקראָב פונ ריקפאַל־טיפוס שטייט זייער נאָענט צומ סיפיליס־מיקראָב אונ איז זייער ענלעכ אָפּ אימ — ווערט באַמ ריק־פאַל־טיפוס באַנוצט דער באַרימטער אַנטי־סיפיליטישער הייל־מיטל־סאַלוואַרסאַנ, וועלכער גיט גאַנצ גוטע רעזולטאַטנ.

דער קאַמפּ קעגנ ריקפאַל־טיפוס באַשטייט—ווי בא פלעקטיפוס — הויפּטזאַכלעכ אינעמ קאַמפּ קעגנ ליַיז אונ אַנדערע פּאַראַזיטנ אונ אינ אָפּהיטנ די ריינקײַט פונ קערפּער אונ פונ די בעגאָדימ.

מאַליאַריע (קאַדאָכעס) איז א קראַנקײַט דעריקער פונ די הייסע לענדער. מיר באַגעגענענ זי אָבער אינ פאַרשיידענע קלימאַטנ. אומעטומ קאָנ זי אָננעמענ אַנ עפּידעמישנ כאַראַקטער. קינדער קרענקענ אָפּ מאַ־ליאַריע גאַנצ אָפט, די קראַנקײַט אַנטוויקלט זיכ דאָרט, וווּ עס איז דאָ שטייענדיק וואַסער אונ בלאָטעס, ווײַל דאָרטנ געפינענ זיכ די קאָ־מאַרנ, וועלכע פאַרשפּרייטנ זי.

דער פּאַראַזיט פונ מאַליאַריע געפינט זיכ אינ די רויטע בלוטקײַ־קעלעכ פונעמ מענטשנ, וועלכע ער צעשטערט, פאַרמערנדיק זיכ אונ אויסשיידנדיק פאַרשיידענע מיניומ שעדלעכע שטאָפּ. מע שטעקט זיכ אָנ אָפּ מאַליאַריע דורכ די קאָמאַרנ „אַנאָפעלעס", וועלכע קאָנענ בייסנ אײַנבײַסנ געזונטע מענטשנ, אַרײַנשפּײַענ אינ זייער בלוט די פּאַראַ־זיטנ, אויב זיי האָבנ פאָרויס געביסנ מאַליאַריע־קראַנקע.

באַמ מאַליאַריע־אָנפאַל שטײַגט די טעמפּעראַטור ביז 40 גראַד אונ מער. עס דויערט נאָר עטלעכע שאָ, עס כאַזערט זיכ אָבער איבער אַלע 1—2—3 טעג.

מאַליאַריע הײַלט מענ דעריקער מיט כינינ.

ליקווידירנ די קרענק קאָנ מענ דורכ ענערגישנ קאַמפּ קעגנ די קאָמאַרנ.

פײַכטע ערטער, זומפּיקע באָדנס דאַרף מען אויסטריקענען, בלאָ־מעס, וווּ עס געפינען זיך אײעלעך פון די קאָמאַרעס, דאַרפן פאַרגאָסן ווערן מיט נאַפט.

די פענצטער דאַרף מען פאַרהענגען מיט נעצן (פון דראָט אָדער פון מאַרליע), כדי די קאָמאַרן זאָלן ניט קאָנען אַרײַנדרינגען. אין אַ בלאָטיקן מאַליאַריע־אָרט דאַרף מען ניט בויען קײן קינדער־אַנשטאַלטן, אַהין דאַרף מען ניט גײן, ניט פאָרן אױף עקסקורסיע — און דעריקער ניט זײַן דאָרטן בײַ זון־אונטערגאַנג, ווען די קאָמאַרן הײבן אָן אַרומ־פליִען.

די אָנשטעקנדיקע הויט־קראַנקײַטן זײַנען ניט לעבנסגעפערלעך, זײ קאָנען זיך אָבער ציִען זײער לאַנג, ברענגען אַ סאַך לײַדן און זיך שטאַרק פאַרשפרײטן אויך צווישן קינדער.

מער פאַרשפרײט זײַנען די פאָלגנדיקע:

קרעץ קאָן מען באַקומען דורך אָנשטעקן זיך פון קראַנקע מענטשן, פון זײערע זאַכן, האַנטעכער, ביכער אאַוו. אָדער פון באַלע־בײַים (פערד, הינט אאַוו.).

די קרעץ־מילבן מאַכן אין דער הויט לענגערע דורכגאַנגען, וווּ זײ לײגן די אײעלעך. אַזוי ווי עס בײַסט שטאַרק, קראַצט מען זיך און מע טראָגט אַריבער מיט די נעגל די מילבן אויף נײַע ערטער. אָפטער הײבן זיך אָן די קרעץ צווישן די פינגער פון האַנט, אונטער די אָרעמס, אונטער די קני, אויף די געשלעכט־אָרגאַנען. עס קאָן זיך אָבער אויך פאַרשפרײטן אויפן גאַנצן לײַב.

פאַרהיטן זיך פון קרעץ קאָן מען נאָר דורך אָפהיטן רײנקײַט, דורך רײנהאַלטן דעם קערפּער און די בעגאָדים.

קרעץ הײלט מען מיט דעם, וואָס מע רײַבט גרינטלעך אײַן די קרעציקע ערטער מיט ווילקינסאָנס זאַלב. דאָס דאַרף מען טאָן 3 טעג קעסײדער (אינדערפרי און אין אָוונט). נאָכדעם וואַשט מען זיך גוט אויס מיט וואַרעמע וואַסער און זײף און מע בײַט די וועש פונעם לײַב און פון בעט. די שמוציקע וועש דאַרף מען וואַשן באַזונדער און גוט אויסקאָכן. אַ קרעציק קינד מוז איזאָלירט ווערן פון קינדער־אַנשטאַלט, ביז ער ווערט ניט פולקום אויסגעהײלט.

אַ פּאַרך איז זײער אָנשטעקנדיק, גײט זיך איבער דורכן קראַנקן און זײַנע זאַכן (היטל!). מע קאָן אים באַקומען אויך פון באַלעבײַים.

ער ווערט ארויסגערופנ דורכ א שוועמל-פּאראזיט, וועלכער אנטוויקלט זיכ אפנ קאפּ.

די הויט ווערט דא ערטערווײַז אנגעצונדנ און רויטלעכ, די קלײנינ-קע געלע קניפּעלעכ פארשפּרײטנ זיכ, גיסנ זיכ צוזאמענ און קאנענ באדעקנ דעמ גאנצנ קאפּ, פונ וועלכנ עס הערט זיכ א רײעכ פונ שימל. א פּארכ קאנ זיכ האלטנ יארנ. אפ די קראנקע ערטער וואקסט שוינ קײנמאל ניט קײנ האר, סײַדנ מע הײלט עס באצײַטנס מיט רענטגענ-שטראלנ.

פארהיטנ זיכ פונ א פּארכ קאנ מענ זײער לײַכט: דורכ גײנ קורצ געשארנ, וואשנ אפט דעמ קאפּ און ניט אנטאנ קײנ פרעמדע היטלענ. קינדער, וואס האבנ דעמ פּארכ, מוזנ איזאלירט ווערנ פונ די געזונטע.

דער שײַלנדיקער לישײַ ווערט אויכ ארויסגערופנ דורכ א פּאראזי-טישנ שוועמל, וועלכער קריכט ארײַנ אינ דער הויט דאסראוו אפנ האריקנ טײל פונעמ קערפּער. אפ די האזיקע ערטער ווערנ די האר ווי אויסגע-קראכנ, אפּגעשארנ. די קראנקײַט קאנ זיכ פארשפּרײטנ אפנ גאנצנ לײַב.

מע שטעקט זיכ אנ פונ קראנקע מענטשנ און באלעכײַמ. פארהיטנ קאנ מענ זיכ נאר דורכ פּינקטלעכער רײנקײַט.

דעמ שײַלנדיקנ לישײַ הײלט מענ דעריקער מיט רענטגענשטראלנ: די קראנקע קינדער ווערנ איזאלירט פונ קינדער-אנשטאלט.

זײער א געפערלעכע אנשטעקנדיקע און פארשלעפּטע קראנקײַט איז טראכאמע, וועלכע מיר באגעגענענ דאסראוו אינ דער סוויווע פונ אומ-קולטורעלקײַט און שמוצ. בא א ניט גענוגנדיקער מידיצינישער אויפזיכט קאנ זי שטארק פארשפּרײטנ ווערנ אינ קינדער-אנשטאלטנ.

עס איז אנ אנצינדונג פונעמ שלײמהײַטל פונעמ אויגנ-ברעמ. די אויגנ ווערנ רויט, פארײטערט. די קראנקײַט קאנ פונ די אויסנווייניק-סטע אויגנ-טײלנ אריבערגײנ אפנ אויגנ-עפּל גופא און דערפירנ צו בלינדקײַט. אלע טראכאמע-קראנקע מוז מענ באזײַטיקנ פונ קינדער-אנשטאלט און מע דארפ זײ הײלנ.

טראכאמע גיט זיכ איבער פונעמ קראנקס אויגנ, הענט, ברילנ, האנ-טעכ, נאזטיכל, וועש און זאכנ.

רײנקײַט, היגיענישע אויפירונג און פארזיכטיקײַט קאנענ אונדזערע קינדער לײַכט אויסהיטנ פונ דער האזיקער קראנקײַט.

# כראָנישע אַנשטעקנדיקע קראַנקײַטנ.

צו די כראָנישע אַנשטעקנדיקע קראַנקײַטנ, וועלכע זײַנענ אומעטומ פאַרשפּרייט אונ רירנ שטאַרק אָנ דעמ קינדער־עלטער, געהערנ דעריקער: 1) טובערקוליאָז אונ 2) דיווענערישע קראַנקײַטנ (סיפיליס, טריפּער).

טובערקוליאָז איז די פאַרשפּרייטסטע אַנשטעקנדיקע קראַנקײַט. די שטערבלעכקײַט פונ טובערקוליאָז איז גרעסער ווי פונ אַלע אַנדערע אַנשטעקנדיקע קראַנקײַטנ, אַפילע באַ די גרעסטע עפּידעמיעס; זי שטײַגט אַריבער (אינ רוסלאַנד) די צאָל קאָרבאָנעס פונ דער אימפּעריאַליסטישער מילכאָמע. באַ הײַנטיקנ טאָג דערגרייכט די יערלעכע שטערבלעכקײַט אינ אייראָפּע א מיליאָנ מענטשנ...

אינ אַמאָליקנ רוסלאַנד פלעגט אָפ יעדע 7 טויטע זײַנ 1 טובערקוליאָזער, יעדע שאָ פלעגנ 80 מענטשנ שטאַרבנ פונ טובערקוליאָז.

אינ מאָסקווע זײַנענ אינ 1927 יאָר פונ יעדע 10.000 אײַנוווינער 16 געשטאָרבנ פונ טובערקוליאָז (פאַר דער מילכאָמע — 21).

כאַראַקטעריסטיש פאַר טובערקוליאָז איז ניט נאָר דער גרויסער סכומ קאָרבאָנעס, נאָר אויכ דאָס, וואָס ס'ראָוו רויבט זי אַוועק קליינע קינדער אונ דערוואַקסענע אינעמ בליִענדנ עלטער.

אינ מאָסקווע, לעמאָשל, זײַנענ אינ 1926 יאָר אָפ יעדע 1000 אײַנוווינער (פונ באַשטימטנ עלטער) געשטאָרבנ פונ טובערקוליאָז:

| קינדער ביז 5 יאָר | פונ 5 ביז 9 יאָר | פונ 10 ביז 14 יאָר | פונ 15 ביז 19 יאָר | פונ 20 ביז 29 יאָר | פונ 30 ביז 39 יאָר | פונ 40 ביז 49 יאָר | 50 אונ העכער |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| 25 | 7 | 4 | 6 | 12 | 13 | 20 | 23 |

די מיינונג, אַז טובערקוליאָז גייט אַריבער בעיערושע, האָט די הײַנטצײַטיקע וויסנשאַפט אָפּגעוואָרפנ. עס איז אָבער מעגלעכ די אַנשטעקונג פונעמ קינד בײַמ דער שוואַנגערשאַפט. דעריקער שטעקנ זיכ אָבער קינדער אָנ נאָכ דער געבורט פונ זייערע עלטערנ, אָפטער פונ דער מוטער, מיט וועלכער זיי זײַנענ מער פאַרבונדנ.

לויט די מאָסקווער יעדיִעס, וועלכע באַזירנ זיכ אָפ דער רעאַקציע

פונ פירקע,* וואָס איז דורכגעפירט געוואָרנ אינ א מאסנ־פארנעמ, זײַנענ מיט טובערקוליאָז אָנגעשטעקט 40—50 פּראָצ. פאַרשול־קינדער, 70—90 פּראָצ. שול־קינדער.

דאָס שטימט פולקומ מיט די לעצטע מײנונגענ פונ די געלערנטע, אז טובערקוליאָז איז אינ טאָג גענומענ א קינדער־קראנקײַט און אז די אָנשטעקונג שטאמט גרעסטנטײל פונ די קינדער־יאָרנ.

דעמ מיקראָב פונ טובערקוליאָז האָט אנטדעקט דער דײַטשישער געלערנטער ראָבערט קאָכ. ער האָט אנ אויסזענ פונ א שטעקעלע (באַ־ציל). ער האָט שטארקע מוירע פאר דער זונענשײַנ און אנטוויקלט זיכ לײַכט אינ פינצטערע און פײַכטע ערטער.

אָבער אפילע בא אומגינסטיקע באדינגונגענ ווערט דער טובערקו־ליאָז־מיקראָב ניט אזוי לײַכט פארניכטעט. בא זײער פיל מענטשנ גע־פינענ זיכ אינ קערפער טובערקוליאָז־נעסטנ אינ פאסיווע צושטאנד. דער הויפט־קוואל פונ אָנשטעקונג איז דער קראנקער, וואָס בא אימ קומט פאָר אנ אקטיווער טובערקוליאָז־פּראָצעס — צי פונ די לונגענ, פונ וועלכע עס קאָנענ זיכ צוזאמענ מיט דער לײַכע אויסשײדנ טובער־קוליאָז־באצילנ, צי פונ די לימפאטישע דריזנ (לעבנ די לונגענ אָדער אינ האלדז), צי פונ די ביינער — אויב זײ שטעלנ פאָר אנ אָפענע אײטערנ־דיקע וווּנד.

באזונדערס געפערלעכ איז די לײַכע פונ א לונגענ־קראנקנ. אינ שטוב אָדער אפנ גאס טריקנט זיכ די אויסגעשפּיגענע לײַכע אויס און פארוואנדלט זיכ אינ שטויב, און מיט דער שטויב קאָנ זיכ צוזאמענ מיט די טובערקוליאָז־באצילנ ארומטראָגנ אינ דער לופט און אײַנגעאָטעמט ווערנ.

די אָנשטעקונג קאָנ אויכ פאָרקומענ דירעקט, פונעמ קראנקנ גופע, דורכ די טראָפּנדלעכ שלײמ און לײַכע, וועלכע שײדנ זיכ אויס בײַסנ הוסטנ (טראָפּנ־אינפעקציע בא דיפטעריט אא.) און קומענ ארײַנ אינ האלדז און אינ די לונגענ פונ געזונטע מענטשנ, אָדער אפ וועש, קײלימ, שפּײַז אא.

* די רעאקציע פונעמ פּראָפעסער פירקע באשטײט אינ דעמ, וואָס מע שפּריצט די קינדער ארײַנ אינ זײער הויט טראָפּנס אָפּגעטויטע טובערקוליאָז־באצילנ (טובערקולינ). אויב דאָס קינד איז שוינ אָנגעשטעקט מיט טובערקוליאָז ווערט די הויט אפ דעמ דאָזיקנ אָרט רויט און עס ע טײַגט די טעמפּעראטור.

די באצילנ פונ פי־טובערקוליאז קאנענ אנשטעקנ אויכ א מענטשנ, די טובערקוליאז־באצילנ געפינענ זיכ בא די בעהיימעס אפ די אײטערס, פונ וועלכע זיי קאנענ ארײנדרינגענ אינ די מילכ. באמ אופקאכנ די מילכ ווערנ די באצילנ דערהארגעט. אכוץ פונ רויע מילכ קאנ מענ זיכ אנשטעקנ פונ קראנקע רויע רינדערנע פלייש, ווײל בא די בעהיימעס, ווי בא מענטשנ, קאנענ זײנ קראנק אפ טובערקוליאז די פארשײדנסטע ארגאנענ אונ אייווורימ.

בא דערוואקסענע קומט אפטער פאר דער לונגענ־טובערקוליאז. דאס לונגענ־געוועב פארענדערט זיכ, עס שאפנ זיכ אזוינע בערגלעכ,* ווו עס זאמלענ זיכ אנ די באצילנ. שפעטער ווערט דא דאס לונגענ־געוועב צעשטערט, עס שאפנ זיכ ווונדנ.

קאלזמאנ די צאל בערגלעכ איז קליינ, לאזט זיכ די קראנקײט לאנג ניט פילנ. ביסלעכווײז פארמערנ זיכ אבער די באצילנ אונ די בערגלעכ. עס באמערקט זיכ א מידקײט, אנ אפשוואכונג. נאכדעמ ווערט מענ בלאס, אויסגעדארט, מע נעמט הוסטנ, מע קריגט היץ.

בא קינדער טרעפט די לונגענ־פארמ זעלטנ. האסראוו קרענקענ זיי אפ טובערקוליאז פונ די דריזנ אונ ביינער. מיט אפענע ווונדנ אונ אפילע מיט אנדערע אקטיווע פארמענ (היץ, נאכט־שווייס), וועלכע זײנענ ניט אנשטעקנדיק, דארפנ די קינדער דעמ קינדערגארטנ אונ די שול ניט באזוכנ. עס פאדערנ זיכ פאר זיי ספעציעלע הייל־מיטלענ, ספע־ציעלע אנשטאלטנ.

בא דער מערהײט טובערקוליאז־קראנקע אינעמ פארשול־אונ שול־עלטער האבנ מיר צו טאנ מיט די אנפאנג־פארמענ פונ טובערקוליאז, ביים עס קומט נאכ ניט פאר קײנ אקטיווער פראצעס פונ דער קראנ־קײט, אבער עס זײנענ שוינ דא סימאנימ פונ אלגעמיינער מער אדער ווייניקער אנטוויקלטער טובערקוליאז־פארגיפטונג, ווי בלוט־ארעמקײט, מאגערקײט, שוואכקײט אאג.

פונ די סאניטאר־היגיענישע באדינגונגענ אינעמ קינדערגארטנ, אינ דער שול אונ היימ, פונ דער דערנערונג, פונ דעמ צוטריט פונ זונ אונ פרישער, פרײער לופט, פונ דער פארהארטעוועטקײט פונעמ ארגאניזמ,

---

* „טובערקול" איז אפ לאטײנ א בערגל. פונדאנענ שטאמט דער נאמענ פונ דער קראנקײט.

פונ א ריכטיקנ רעזשים פונ ארבעט אונ אפרו — פונ דעמ אלעמ חענגט אפ די ווײַטערדיקע אנטוויקלונג פונעמ טובערקוליאז-פראצעס.

א גרויסע באדײַטונג האבנ דערבײַ די פארגעזינטערונג-מאסמיטלענ, מיט וועלכע עס געלינגט אפט אינגאנצנ אויסוואָרצלענ די דאזיקע קראנקײַט.

פארקערט, די פארשיידענע אנשטעקנדיקע היץ-קראנקײַטנ, וואס שוואכנ אפ דעמ קינדס ארגאניזמ עפענענ ברייט די טיר פארנ טובערקוליאז-פראצעס.

מיטנ פארבעסערנ קעסיידער די ארבעט- אונ לעבנ-באדינגונגענ, מיטנ קאמפ קעגנ דער אנשטעקונג מיט טובערקוליאז, מיטנ הײלנ באצײַטנס פרישע קראנקײַט-פאלנ אונ מיט דורכפירנ אינ א מאסנ-פארנעמ פארגעזינטערונג-מאסמיטלענ פאר קינדער, יוגנטלעכע אונ דערוואקסענע — פירט די ראטנרעגירונג אנ אנטשיידענעמ אונ דערפאלגרײַכנ קאמפ קעגנ דעמ טובערקוליאז, וועלכנ עס האבנ בא אונדז דווירעס-לאנג גענערט אונ דערצויגנ שקלאפערײַ, עקספלואטאציע אונ נויט.

צו די ווענערישע קראנקײַטנ געהערנ: 1) סיפיליס אונ 2) טריפער, וועלכע זײַנענ פארשפרייט איבער דער גאנצער וועלט — באזונדערס נאכ דער אימפעריאליסטישער מילכאמע.

אפ סיפיליס זײַנענ אינ אמעריקע אונ אינ פראנקרײַכ קראנק 10 פראצ., אינ בערלינ 20 פראצ. פונ דער באפעלקערונג. ביז דער מילכאמע האט זיכ אינ רוסלאנד גערעכנט בא 3 מיליאנ סיפיליטיקער.

בא הײַנטיקנ טאג איז די צאל סיפיליס-קראנקע בא אונדז נאכ גרויס.

דער מיקראב פונ סיפיליס איז אנטדעקט געווארנ אינ 1905 יאר.

די אנשטעקונג קומט פאר דורכ געשלעכטלעכע באציִונגענ מיט סיפיליס-קראנקע אדער דורכ קושנ זיכ, עסנ אונ טרינקענ פונ איינ קיילע, באנוצנ איינ האנטעכ, דערוייכערנ א פאפיראס-רעשטל אונ בכלל דורכ נאענטער פארבינדונג מיט סיפיליס-קראנקע.

קינדער קאנענ זיכ אנשטעקנ פונ קראנקע עלטערנ אדער אנדערע פאמיליענ-מיטגלידער, פונ קראנקע באקאנטע אונ כאווײרימ.

דער פארבארגענער פעריאד פונ סיפיליס דויערט 2—3 וואכנ. די קראנקײַט גופע טיילט מענ אײַנ אינ דרײַ פעריאדנ: אינעמ ערשטנ פעריאד באווײַזט זיכ אפ יענעמ ארט, ווו די אנשטעקונג איז ארײַנגעדרונ-

גענ, א ווונד, וועלכע מוט ניט ווײ, פארגרעסערט זיכ שפעטער אונ פארהיילט זיכ דאָסראָוו. דערביי אָבער ווערנ אָנגעשוואָלנ די נאָענטסטע לימפאטישע דריזנ. אויב דער קראנקער היילט זיכ ניט באצײַטנס — הייבט זיכ אינ א פאָר כאדאָשימ ארומ אָנ דער צווייטער פעריאָד, ווענ דער קערפער באדעקט זיכ מיט הויט־פלעקנ, וואָס פארשווינדנ שפעטער אונ אפ זייער אָרט באווײַזנ זיכ געשווירלעכ. עס קאָנענ אויכ אויסקריכנ די האָר אונ אראָפפאלנ די נעגל. דער דאָזיקער פעריאָד קאָנ דויערנ א סאכ יאָרנ אונ איז זייער אָנשטעקנדיק, ווײַל די סיפילים־מיקראָבנ פילנ דאנ אָנ אלע געשווירנ.

דער דריטער פעריאָד קאָנ זיכ אָנהייבנ אינ 5—10—20 יאָר ארומ נאָכ דער אָנשטעקונג, הויפטזאכלעכ אינ פאלנ, ווענ די קראנקהײַט איז ניט געהיילט געוואָרנ. עס איז דער פעריאָד פונ גרויסע סיפיליטישע געשווילעכצנ, וועלכע קאָנענ רויִנירנ גאנצע אָרגאנענ — די נאָז־אונ שארבנ־ביינער, דעמ לעבער, די לונגענ, הארצ, קאָפ־מארכ אא.

בא סיפיליטישע עלטערנ, וואָס האָבנ זיכ ניט געהיילט, קאָנענ גע־באָרנ ווערנ קראנקע קינדער, וועלכע שטעקנ זיכ אָנ בײַמ הער שוואנ־גערשאפט אָדער באמ האָבנ גופע. בא עלטערנ, וואָס האָבנ אריבערגע־טראָגנ סיפילים אונ ניט געהיילט זיכ, ווערנ אָפט געבאָרנ טויטע קינ־דער אָדער שוואכע, ווייניק לעבנספייִקע, מיט פארשיידענע פאָרמענ פונ יערושע־סיפילים.

סיפילים קאָנ מענ אויסהיילנ. עס פאָדערט אָבער א לענגערע צײַט — א יאָר, צוויי אונ אמאָל מער. מע באנוצט דערביי פארשיידענע רע־פועס: קוועקזילבער (זאלבנ אונ אײַנשפריצונגענ), די בארימטע רעפועס פונ ערליכ („606" אונ „914") אא. דאָס היילנ זיכ דארפ דורכגעפירט ווערנ ביזנ סאָפ אונ ניט לאָזנ זיכ אײַנרײַדנ צו באנוצנ „באבסקע" מיט־לענ. דאָס אריבערטראָגנ סיפילים שאפט ניט קיינ אימוניטעט. נאָכנ אויסהיילנ זיכ קאָנ מענ זיכ ווידער אָנשטעקנ מיט דער דאָזיקער קראנקהײַט.

קעדיי ניט דערלאָזנ אינ די קינדער־אנשטאלטנ קיינע סיפיליטיקער, מוזנ אלע פארשול־אונ שול־קינדער ביזנ אָנקומענ דורכגיינ א גענויע מעדיצינישע אונטערזוכונג. אונ מע דארפ זיי שטענדיק האלטנ אונטער א מעדיצינישער אויפזיכט.

בא יעדנ כשאד אפ סיפילים (ווונדנ ארומ מויל אונ בא די נאָזלע־

כער, הויט־פלעקנ, וווּנדנ אפ די קני, אפנ רוקנ, ריידנ אונטערנ נאַז אא.), מוזנ די קינדער גענוי באטראכט ווערנ.

אפ צו איבערצייגנ זיכ, אז זיי פארמאָגנ ניט קיינ סיפיליס, דארפ געמאכט ווערנ אנ אויספאָרשונג פונ זייער בלוט.

טריפער (גאָנאָרייע) איז נאָכ מער פארשפרייט, איידער סיפיליס. עס איז זייער אנ אָנשטעקנדיקע קראנקייט, וועלכע קאָנ פאָרקומענ בא מענער, פרויענ אונ קינדער.

טריפער איז די הויפט־סיבע פונ פרויענ־קראנקייטנ אונ פונ אומפרוכטבארקייט בא פרויענ אונ מענער. דאָס אָנשטעקנ מיט טריפער די אויגנ באם געבאָרנ ווערנ איז געווענ איינע פונ די סיבעס פונ בלינדקייט בא קינדער. *

דערוואקסענע שטעקנ זיכ דעריקער אָנ דורכ געשלעכטלעכע באציונגענ מיט טריפער־קראנקע. קליינע קינדער שטעקנ זיכ הויפטזאכלעכ אָנ דורכ אומריינע הענט אונ וועש פונ דערוואַקסענע קראנקע, דורכ שלאָפנ צוזאמענ מיט זיי, דורכ אלגעמיינע וואנעס אונ קלאָזעטנ.

אינ פאָרשול־אנשטאלטנ קאָנענ זיכ די קינדער, באזונדערס מיידלעכ, אָנשטעקנ איינע פונ די אנדערע.

דעמ טריפער־מיקראָב האָט שוינ לאנג אנטדעקט דער געלערנטער נייסער.

דער באהאלטענער פעריאָד דויערט 3—4 טעג. די קראנקייט הייבט זיכ אָנ מיט שניידנדיקע ווייטעקנ אינ אורינ־קאנאל, פונוואנענ עס שיידנ זיכ אויס טראָפנדלעכ אייטער. דאָס לאָזנ אורינ ווערט פארשווערט אונ ווייטעקדיק.

די פאָלגנ פונ טריפער קאָנענ זיינ גאנצ ערנסטע: די פארשמעלערונג פונעמ אורינ־קאנאל, דאָס קראנק ווערנ פונ אורינ־פענעכער, פונ געבער־מוטער (בא פרויענ), פונ די געשלעכטלעכע דריזנ, אָנצינדונג אונ פארוואקסונג פונ געלענקענ אא.

דערפאר מוז מענ זיכ באצייטנס היילנ אונ פירנ אנ אקשאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ דער אָנשטעקונג.

דאָס היילנ זיכ פונ טריפער באשטייט דעריקער אינ דורכוואשנ דעמ אורינ־קאנאל. מע היילט אָבער אויכ מיט ספעציעלע איינשפריצונגענ.

* א"ס פארהיטונג־מיטל שפריצט מענ א־צט אריינ די קינדער טייקעס נאָכנ געבאָרנ ווערנ א שוואכע צעלאָזונג פונ לאפיס אינ די אויגנ.

אינ די קינדער־אנשטאלטנ, אינ קינדערהיימענ אונ קינדערגערטנער מוז מענ באזונדערס לייגנ פיל אכט, עס זאל אהינ ניט ארײַנגעשלעפט ווערנ קיינ טריפער. אזא פאל קאנ ברענגענ צו דעמ, אז א סאכ קינדער קאנענ מיט דעמ זיכ אנשטעקנ. א באזונדערע פארזיכטיקייט איז נייטיק באמ באנוצנ די נאכט־טעפלעכ. יעדער קינד דארפ האבנ א באזונדער נאכט־טעפל אדער, ווי ס'איז איינגעפירט געווארנ אינ אייניקע קינדערגערטנער, באנוצט יעדעס קינד באמ זעצנ זיכ אפנ טעפל א באזונדערנ (פאר יעדנ קינד) זיצברעטל, וואס מע לייגט ארופ אפנ טעפל.

דער קאמפ קעגנ די ווענערישע קראנקייטנ ווערט געפירט אינ דער גאנצער וועלט. א באזונדערס גרויסנ פארנעמ דערגרייכט דער דאזיקער קאמפ אינ ראטנרוסלאנד, ווו עס זײַנענ דא, אינ קעגנזאצ צו די קאפיטאליסטישע לענדער, אלע נייטיקע פארבאדינגונגענ פארנ גלייכנ אונ ענדגילטיקנ ליקווידירנ די דאזיקע קראנקייטנ. מיטנ ברייטנ ארגאניזירנ ספעציעלע היילאנשטאלטנ פאר ווענערישע קראנקייטנ, מיט ספעציעלע געזעצנ וועגנ אבליגאטארישנ היילנ זיכ אונ מיט שטראפנ פאר אנשטעקנ, דורכ דער גלײַכבארעכטיקונג פונ דער פרוי, מיט די ספעציעלע געזעצנ פאר מוטער־אונ קינדער־שוצ, מיטנ אויסווארצלענ די פראסטיטוציע, דורכ ברייטער אויפקלער־ארבעט אונ מיט הייבנ דעמ אלגעמיינעמ וווילשטאנד אונ די קולטור־מאדרייגע פונ דער ארבעטנדיקער באפעלקערונג — מיט דעמ קעמפט די ראטנרעגירונג קעגנ די ווענערישע קראנקײַטנ.

די קינדער־אנשטאלטנ דארפנ דערציִענ א באוווסטזיניקע, פאראנטווארטלעכע אונ סאציאליסטישע באציִונג צו די געשלעכטלעכע פראגנ, דארפנ צוגעוווינענ צו א כאווערישנ צוזאמענלעבנ פונ יינגלעכ אונ מיידלעכ, צוגרייטנדיק אונדזער יוגנט צומ נײַעמ סאציאליסטישנ לעבנשטייגער, דערבײַ דארפ אינגאנצנ אויסגעווארצלט ווערנ די אלטע עגאיסטישע באציִונג צו דער פרוי אונ דער ביליקער העפקערישער קוק אפנ געשלעכטלעכנ לעבנ.

דאס אלצ קאנ מענ דערגרייכנ אינ ענגער צוזאמענארבעט פונ דעמ קינדער־אנשטאלט מיט דער היימ. א גרויסע ראליע דארפ דערבײַ שפילנ די פיאנער־ארגאניזאציע אונ די אויסערשול־ארבעט בכלל.

---

# IX. די אַרבעט פונ די געזונט־אָפּטיילנ בא די ראַטנ אונ די ראָליע פונעם דאָקטער אונ דער שוועסטער

די ראַטנ־מעדיצינ גיט אַפ דעם גרעסטנ אָרט דער פּראָפילאַקטיק — דעם פאַרהיטנ זיכ פונ די קראַנקייטנ, וויל פאַרהיטנ דעם געזונט איז שטענדיק לייכטער אונ זיכערער, ווי דאָס היילנ.

אַ באַזונדערס גרויסע אויפמערקזאַמקייט ווערט אָפּגעגעבנ דעם פאַרהיטנ דעם געזונט פונ די קינדער. אינ די געזונט־אָפּטיילנ בא די ראַטנ עקזיסטירנ צוויי באַזונדערע סעקציעס פאַר פאַרהיטנ די מוטער אונ דאָס זויגקינד אונ פאַר פאַרהיטנ דעם געזונט פונ די קינדער אונ יוגנטלעכע.

די לעצטע סעקציע ציט צו אינ די שטעט ספּעציעלע דאָקטוירים פאַר די קינדער־אַנשטאַלטנ (קינדערגערטנער אונ שולנ), אָרגאַניזירט ספּעציעלע אַמבולאַטאָריעס (אָדער קינדער־אָפּטיילונגענ) פאַר די פאַר־שול־אונ שול־קינדער, אונ אַ גאַנצע ריי פאַרגעזינטערונג־אונ הייל־אַנשטאַלטנ, ווי סאַנאַטאָריעס, סאַנאַטאָרישע קאָלאָניעס, סאַנאַטאָרישע לאַגערנ, קינדער־שפּיטאָלנ (אָדער קינדער־אָפּטיילונגענ).

די דאָקטוירים, וועלכע ווערנ אויסגעטיילט פאַר די קינדער־אַנשטאַלטנ, אַרבעטנ צוזאַמענ מיטנ פּעדאַגאָגישנ ראַט, מיטנ עלטערנ־ראַט אונ מיט דער קינדער־אָרגאַניזאַציע. זיי שטייענ אַפ דער וואַכ פונעם קינדס געזונט, אָרגאַניזירנ דורכפירנ אינעם לעבנ די אַנטי־עפּידעמישע מאָסמיטלענ, דעם סאַניטאַרנ מינימומ אונ די אַלע פאָדערונגענ, וועלכע מיר האָבנ שוינ אָנגעוויזנ (אינ די פאָריקע קאַפּיטלענ).

דער דאָקטער פונ קינדער־אַנשטאַלט אונטערזוכט אַליינ די געזונטע

אונ קראנקע קינדער, שיקט זיי צו די נייטיקע ספּעציאַליסטנ, קאָנטראָ-לירט די פיזישע אנטוויקלונג פונ די קינדער (דורכנ מעסטנ, וועגנ אונ אונ-טערזוכנ) אונ זאָרגט פאר דעמ, עס זאָלנ אָנגעווענדט ווערנ די פאר-שיידנסטע הייל- אונ פארגעזינטערונג-מאָסמיטלענ. ער פירט אנ אופ-קלער-ארבעט צווישנ די קינדער אונ זייערע עלטערנ, אינסטרוקטירט אונ גיט אָנווײַזונגענ די לערער אינ אלע פראגנ פונ געזונטפארהיטונג, בענעגייע געבײַדע אונ הויפ, מעבל, ארבעט אונ אָפרו, פיזישער דער-ציִונג, געזעלשאפטלעכער דערנערונג אא. *

די ארבעטער-געזעלשאפטלעכקײט, וואָס רינגלט ארומ די קינדער-אנ-שטאלטנ, דארפנ אחוצ דעמ אויסטיילנ פונ זיכ א געזעלשאפטלעכנ סאַ-ניטארנ אינספּעקטער, וועלכער קאָנטראָלירט אויכ דעמ סאניטאר-היגיי-ענישנ צושטאנד פונ געגעבענעמ אנשטאלט אונ העלפט מיט באקעמפנ אפ א געזעלשאפטלעכנ אויפנ אלע פארקריפּלונגענ אפנ דאָזיקנ געביט. ער שטייט אינ ענגנ קאָנטאקט מיטנ דאָקטער — דעמ מעלוכישנ סאַ-ניטארנ אינספּעקטער, — וואָס זײַנ פליכט אונ רעכט איז צוציִענ צו פאראנטוואָרטלעכקײט אלע שולדיקע אינ די אומגעזונטע, אנטיסאניטאַ-רע דערשײַנונגענ, וועלכע קומענ פאָר אינעמ קינדער-אנשטאלט.

צו העלפנ די דאָקטוירימ אינ זייער ארבעט ווערנ געגעבנ ספּע-ציעלע שוועסטער (פארנ פארהיטנ דעמ געזונט פונ די קינדער), וועלכע פילנ אויס א גאנצע ריי וויכטיקע פליכטנ אינעמ קינדער-אנשטאלט.

די מיטהילפ-ראטנ (פונ די עלטערנ) דארפנ אויסטיילנ די בעסערע אקטיוויסטקעס אונ רעקאָמענדירנ זיי די געזונט-אָפּטיילנ אפ צוגרייטנ זיי צו דער דאָזיקער ארבעט.

אינ מאָסקווע אונ אינ א גאנצער ריי אנדערע שטעט ארבעטנ שוינ אינ די קינדער-אנשטאלטנ אלס שוועסטער א סאכ אזוינע מוטערס, וואָס זײַנענ דורכגעגאנגענ ספּעציעלע קורצטערמיניקע קורסנ.

א באזונדערס גרויסע אונ פאראנטוואָרטלעכע ראָליע פאלט אויס אפ די דאָזיקע שוועסטער אינ די דאָרפישע יִשוווימ, ווו עס זײַנענ דאָ ווײַ-ניק דאָקטוירימ אונ ווו א ספּעציעלער דאָקטער פארנ פארהיטנ דעמ געזונט פונ די קינדער קאָנ זיכ געפינענ איינער אינ גאנצנ ראיאָנ.

* זע אינ די בײַלאגעס צומ סאָפ פונ ביכל: די באשלוסנ פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט וועגנ דער ארבעט פונעמ דאָקטער אינ די קינדער-אנשטאלטנ.

אינ אזא פאל באשטייט די ראָליע פונעמ דאָזיקנ דאָקטער דעריקער אינ אָנפירנ, אינסטרוקטירנ אונ קאָנטראָלירנ די גאנצע ארבעט פונעמ ראיאָנ, וועלכע עס פירט אויס א באשטימטע צאָל שוועסטער — לעכאָלאפּאָכעס איינע אפ א דאָרפ, קאָלווירט אדג., די שוועסטער ווערנ ספעציעל צוגעגרייט צומ דאָזיקנ צוועק אינעמ ראיאָנ אָדער געגנטלעכנ צענטער.

דאָס איז אינ א גרויסער מאָס שייעכ צו די יידישע קאָלווירטנ אינ קרימ אונ צו די נייע יידישע יישוווימ אינ בירעביזשאנ.

די דאָזיקע שוועסטערס מוזנ אָבער קעסיידער פארפולקומענ זייערע קענטעגישנ — דורכ זעלבשטענדיקנ לערנענ, דורכ אָפטע קאָנפערענצנ אונ ספעציעלע קורסנ.

די פייִקערע פונ זיי קאָנענ נאָכ אייניקע יאָרנ ארבעט צוגעגרייט ווערנ צומ מעדיצינישנ ארבפאק אונ טעכניקומ אונ — בא פאראנענער בילדונג — אפילע צומ מעדיצינישנ אינסטיטוט.

דאָס לאנד נייטיקט זיכ אינ טויזנטער נייע מעדיצינישע טוער, וואָס זאָלנ זיכ איננאנצנ אָפגעבנ דער דאָזיקער גרויסער אונ פאראנטוואָרטלעכער ארבעט: פארהיטנ דעמ געזונט פונ די קינדער־מאסנ.

---

מיר האָבנ פאר די לעצטע יאָרנ א סאכ דערגרייכונגענ אפ דעמ געביט. די וויכטיקייט פונ דער ארבעט צווישנ די קינדער אונ פאר די קינדער ווערט אָבער נאָכ ניט אומעטומ אונ ניט שטענדיק גענוג אָפּגעשאצט. צו לאנגזאַמ זײַנענ נאָכ די טעמפּנ אפנ דאָזיקנ וויכטיקנ געביט. צו די פראגנ פונעמ געזונט פונ די קינדער אונ יוגנטלעכע באגעגענענ מיר נאָכ אָפט א טרוקענע, פאָרמעלע באציִונג, א פוילנ אָפּאָרטוניזמ אונ א פארברעכערישנ פארשווייגנ אונ פארשמירנ פעלערנ אונ אומפאראנטוואָרטלעכע מייסימ.

צווישנ די טוער אפנ קינדער־געביט (לערער, פּיאָנער־טוער, דאָקטוירימ, עלטערנ אא.) זײַנענ שוינ אָבער פאראנ א סאכ ענטוזיאסטנ, מוטיקע אקשאָנעסדיקע קעמפער פאר א געזונטנ אומבײַט. די לעצטע היסטאָרישע באשלוסנ פונ דעמ צק פונ דער קאָמוניסטישער פארטיי וועגנ דער שול אונ פּיאָנער־אָרגאניזאציע, די אנטשפרעכיקע באשלוסנ פינ

דער רעגירונג, פונעם פאָלקאָמבילד און פאָלקאָמגעזונט (זע די בײַלאַ־געס) גיבנ אונדז די פולע גאַראַנטיע, אַז דער קאַמפ פאַר א געזונטנ אומבײַט וועט געפינענ א שטאַרקע אונטערשטיצונג מיצאַד די פאַר־טײַישע אונ קאָמיוגישע אָרגאַניזאַציעס, מיצאַד די האַנט־אַנשטאַלטנ אינ מיצאַד דער גאַנצער פּראָלעטאַרישער געזעלשאַפטלעכקײַט.

לאָמיר מיט מער ליבע אונ מיט טיפער ערנסטקײַט זיכ פאַרינטע־רעסירנ מיט די אַלע דאָזיקע קינדער־פראַגנ, נעענטער זיכ מיט זיי באַקענענ — אונ אומעטום אונ שטענדיק אקשאָנעסדיק קעמפנ פאַר דורכפירנ די נייטיקע מאָסמיטלענ, וואָס זאָלנ אונדז גאַראַנטירנ די פּאַקטישע פאַרווירקלעכונג פונ מאַוועס סטאַלינס לאָזונג: אויסהאָדע־וועג דעמ ראַטנלאַנד א געזונטנ, לעבנלוסטיקנ אונ קאַמפפײַיקנ נײַעמ דאָר!

---

# וועגנ אײַנרעגולירנ די אינווייניקסטע אָרדענונג אינ דער מאַסנ-שול

(באַשטימונג פונ ראַט פונ די פאָלקס-קאָמיסאַרנ פונ רספסר)

1. דאָס פאַרווירקלעכנ דעמ באַשלוס פונ צק אלקפ(ב) וועגנ דער אָנפאַנג-אונ מיטלשול פונ 5-טנ נאָיאַבער 1931 פאָדערט אַנטשיידנדיק אײַנרעגולירנ די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פונ דער לערנ-פּראָדוצירשער אונ געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פונ די שילער.

דאָכ האָט דער שול-רעזשימ אונ דער צושטאַנד פונ דער געזונטפאַרהיטונג פונ די קינדער ביזנ הײַנטיקנ טאָג פאָלגנדיקע ביז גאָר גרויסע פעלערנ:

א) די אָנלאָדונג פונ די שילער מיט לערנ-אונ פּראָדוציר-אַרבעט אינ דער שול אונ די לערנ-אַרבעטנ, וועלכע ווערנ אויפגעגעבנ אַהיימ, ווערנ רעגולירט פולקומ ניט גענוגנדיק, אָפט אָנ דיסקאָנט פונ די קויכעס אונ מעגלעכקײַטנ פונ די קינדער פונ פאַרשיידענעמ עלטער;

ב) די געזעלשאַפטלעכ-נוצלעכע אַרבעט פונ די שילער, וועלכע האָט אַ קאָלאָסאַלע באַדײַטונג אינ אויסאַרבעטנ אַ קאָמוניסטישע באַציִונג צו אַרבעט, אונ דאָס דערציִענ באַוווּסטזיניקע אָנטיילנעמער אינ דער סאָציאַליסטישער בויונג, — איז אָרגאַניזירט פולקומ ניט צופרידנשטעליק. אינ דער אַרבעט פונ די שול-אונ פּיאָנערנ-אָרגאַניזאַציעס איז ניטאָ קיינ איינהײַטלעכער פּלאַנ פונ אַרײַנציִענ די שילער אינ דער געזעלשאַפטלעכ-נוצלעכער אַרבעט אונ מיצאַד די שול-פאַרוואַלטערס, פעדאַגאָגנ אונ אָנפירער פונ די פּיאָנער-אָטריאַדנ איז אינ דעמ פראַט ניטאָ די געהעריקע אָנפירונג.

דעריבער ווערט אײנ טײל פונ די שילער — דער אקטיוו (קאָמיו־גיסטנ אונ פּיאָנערנ), איבערגעלאָדנ מיט געזעלשאפטלעכער ארבעט, וואָס דאָס ברענגט שאָדנ זײער לערע אינ שול אונ א צווייטער טײל פונ די שילער בלײַבט אינ דער שול ניט ארומגעכאפּט פונ דער דער־ציִערישער ווירקונג פונ די קאָמוניסטישע קינדער־אָרגאניזאציעס אונ פונ קאָמיוג.

ג) עס ווערט אָפט ניט ריכטיק אוועקגעשטעלט די פּראָדוציר־לערע, וואָס ווידערשפּרעכט די פאָדערונגענ פונ דער געזונט־פארהיטונג פונ די קינדער אונ די לערנ־אויפגאבנ פונ דער שול;

ד) די אָרגאנענ פונ פאָלקאָמגעזונט פירנ ניט קײנ גענוגיקע ארבעט אינ פראט פונ אכטונג געבנ אפ דעמ סאניטארנ צושטאנד פונ די שול־לאָקאלנ אונ אינ פראט פונ פארווירקלעכנ די מעדיציניש־פּעדאָגאָגישע מאָפּמיטלענ אינ דער שול (ארבעט־שוץ בא דער ארבעט פונ די שי־לער אינ די שול־ווארשטאטנ, אויפזיכט איבערנ געזונט פונ די קינדער אונ זײער פיזישער אנטוויקלונג אא.).

ד) פולקומ ניט צופרידנשטעליק איז אוועקגעשטעלט די פיזישע דער־ציִונג פונ די שילער צוליב דער שוואכער אָנפירונג מיט דער דאָזיקער ארבעט מיצאד די אָרגאנענ פונ פאָלקאָמבילד אונ דעמ ראט פונ פי־זישער קולטור, אונ אויכ מיצאד די אָרגאנענ פונ פאָלקאָמגעזונט אינ פראט פונ מעדיצינישנ קאָנטראָל איבער דער אוועקשטעלונג פונ דער פיזישער קולטור.

קעדיי אײַנצורעגולירנ די אינעווייניקסטע אָרדענונג אינ דער מאסנשול אונ די געזעלשאפטלעכע אָנלאָדונג פונ די שילער, באשטימט דער ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ רספסר:

1) פארלײגנ דעמ פאָלקאָמבילד פונ רספסר אונ די פאָלקאָמבילדנ פונ די אווטאָנאָמע רעפּובליקנ טייקעפ אײַנצופירנ אינ די שולנ אזא פּלאנ אונ אנ אָרדענונג, וואָס זאָלנ דיסקאָנטירנ ניט נאָר די לערנ־פּראָ־דוצירישע, נאָר אויכ די געזעלשאפטלעכע ארבעט פונ די שילער אפנ גרונט פונ די נאָרמעס, וועלכע דער פאָלקאָמבילד פונ רספסר האָט באשטעטיקט, אײַנשטעלנדיק די פּערזענלעכע פאראנטוואָרטלעכקײַט פונ די שול־פארוואלטערס פארנ דורכפירנ אימ אינ לעבנ.

2) פארלײגנ דעמ פאָלקאָמבילד פונ רספסר אונ די פאָלקאָמבילדנ פונ די אווטאָנאָמע רעפּובליקנ געבנ אנ אָנווײַזונג אלע שול־פארוואל־

טערם, זיי זאָלן ניט דערלאָזן אויסנוצן די שילער — באַם דורכגיין די
פּראָדוקציר־לערע אפ די אונטערנעמונגען, אין די קאָלווירטן א.ד.ג. — אפ
אזוינע ארבעטן, וועלכע זײַנען ניט פאר זייערע קויכעס און רופן זיך
שלעכט אָפּ אפ די שול־לימודים.

3) פארפליכטן אלע שול־פארוואלטערס אין משך פון א כוידעש .
צוזאמען מיט די שול־און קאָמוניסטישע קינדער־אָרגאניזאציעס איבער־
קוקן דעם כאראקטער און דעם אינהאלט פון דער געזעלשאפטלעכער
ארבעט, וועלכע די שילער פילן אויס און פארטיילן זי צווישן די באַ־
זונדערע שילער אפ אזא אויפן, אז אפן גרונט פון אן איינהײטלעכן אר־
בעט־פלאן פון אלע אָרגאניזאציעס זאָל מען זיך דערשלאָגן, אז דער
אינהאלט פון דער געזעלשאפטלעכער ארבעט זאָל אנטשפּרעכן די אופ־
קלער־דערציִערישע צוועקן פון דער שול און אז מע זאָל ניט איבער־
לאָדן קיין באזונדערע שילער. צוגלײַך מיט דעם דערשלאָגן זיך, אז אלע
שילער זאָלן ארײַנגעצויגן ווערן אין דער געזעלשאפטלעכער ארבעט.

4) פארקלענערן די צאָל זאמלונגען, זיצונגען און בארַאטונגען פון
די אָטריאדן, רינגען, ראטן פון די פּיאָנער־אָרגאניזאציעס, האלטנדיק
זיך בא די באשטעטיקטע פון פאלקאָמבילד רעפּסר נאָרמעס פון אנלאָדן
די שילער מיט אלע פאָרמען לערן־פּראָדוקצירישע און געזעלשאפטלעכע
ארבעט.

בעטן דעם צק פון אלפארבאנדישן קאָמוניסטישן יוגנטפארבאנד, ער
זאָל געבן אין דער דאָזיקער פראגע קאטעגאָרישע אָנווײַזונגען אלע קע־
מערלעך פון קאָמיוג און די אָנפירער פון די פּיאָנער־אָטריאדן.

5) פארפליכטן אלע שול־פארוואלטערס, גרופּן־פירער, פּיאָנער־אָנפי־
רער און אויך די אָרגאנען פון די אָפּטיילן פאר פאָלקסבילדונג און די
אויסערשול־קולטור־אנשטאלטן אײַנצופירן א סיסטעמאטישע אָרגאניזי־
רונג, פון שפּילן אפ דער פרײַער לופט, פון שפּאציר־גאנגען, ארויספארן
מיט ליזשעס א.ד.ג. אין די אָפּרו־טעג פון די שילער. אין די דאָזיקע טעג
קאטעגאָריש פארווערן אײַנצואָרדענען פארזאמלונגען, זיצונגען און באַ־
ראטונגען פון די שילער.

6) בעטן דעם אלפארבאנדישן צענטראל־ראט פון די פראָפעסיאָנע־
לע פאריינען, ער זאָל אָנווײַזן אלע אָרטיקע פראָפפאריינישע אָרגאניזא־
ציעס, זיי זאָלן געבן די שילער און פּיאָנערן די פראָפפאריינישע קלוב־
לאָקאלן, גליטשן, סטאדיאָנען, ליזשע־סטאנציעס און אויך פאנאנדער־

וויקלענ די קולטמאסעווע ארבעט צווישנ די קינדער, אויסטיילנדיק פאר די דאזיקע מאסמיטלענ קרעפטנ אונ מיטלענ פונ די פראפאריינענ. פארפליכטנ די ארטיקע ראטנ צו פארשטארקנ די ארבעט פונ ארגאניזירנ די קינדער אינ דער אויסערשול־צײַט דורכ פאנאנדערוויקלענ קינדער־צימערנ בא די וווינונג־קאאפעראטיווע געזעלשאפטנ אונ בא די ארבעטער־צוזאמענוווינונגענ, פארברייטערנ די באשטענדיקע נעצ פונ אויסערשול־אנשטאלטנ פאר קינדער (קלובנ, עקסקורביאנעלע, טעכנישע אונ לאנדווירטשאפטלעכע סטאנציעס פאר קינדער, ביבליאטעקנ, קינא, קינדער־פלעצער אאוו.), ווי אויכ דיסקאנטירנ די נויטווענדיקײַט צו באווארענענ מיט לאקאלנ אונ אנשטאלטנ פונעמ אויסערשול־טיפ די קינדער אינ די ארבעטער־הײַזער אונ יישוווימ, וואס ווערנ געבויט. באופטראגנ דעמ פאלקאמבילד אינ משך פונ א כוידעש ארײַנטראגנ דעמ ראטפאלקאמ פונ רספסר אפ צו באטראכטנ אנ אויסגעארבעטע סיסטעמ פונ דער אויסערשול־ארבעט צווישנ די קינדער.

7) פארלייגנ דעמ פאלקאמגעזונט:

א) באווארענענ דאס אויספילנ די פאדערונגענ פונ דער סאניטארער אופזיכט אינ דער שול אונ פארשטארקנ די פאראנטווארטלעכקײַט פונעמ שול־דאקטער פארנ אוועקשטעלנ פארגעזינטערונג־ארבעט צווישנ די שילער אונ פאר ארײַנציענ אינ דער דאזיקער ארבעט די פעדאגאגנ, די פיאנער־אנפירער אונ די עלטערנ דורכ סיסטעמאטישנ אינסטרוקטאזש, קאנסולטאציע אונ פארשטארקטער קאנקרעטער אנפירונג מיט דער דאזיקער ארבעט מיצאד דעמ פאלקאמגעזונט אונ זײַנע ארטיקע ארגאנענ;

ב) אינ הסכעמ מיטנ באשלוס פונ ראטפאלקאמ רספסר פונ 17־טנ אווגוסט 1931 יאר צוטרעטנ פראקטיש צו פארווירקלעכנ די פולע דיספאנסעריזאציע פונ די שילער אינ די גרונטיקע ארבעטער־ראיאנענ אונ אינ די איבעריקע ראיאנענ. באווארענענ, אז די שילער זאלנ סיסטעמאטיש מעדיציניש אונטערזוכט ווערנ.

ג) צוזאמענ מיטנ פאלקאמבילד, רויטנ קרייצ, ראט פונ פיזקולטור, געזעלשאפט „קינדער־פרײַנט”, געזעלשאפט פונ פראלעטארישנ טוריזמ אונ קאמיונ טייקעפ צוטרעטנ צו פאנאנדערוויקלענ די מאסעווע פארגעזינטערונג־ארבעט צווישנ קינדער אונ יוגנטלעכע, ארגאניזירנ דאס פארברענגענ פונ די שילער אפ דער פרײַער לופט בייס די האפסאקעס

צווישנ די לעקציעס, ברענגענ אינ אָרדענונג די שול־גאַרקיכנ, פאָדערנ פונ די שילער פינקטלעכ אויספילנ די עלעמענטאַרע היגיענישע פאָדערונגענ.

פאַרלייגנ דעמ פאָלקאָמבילד פונ רספסר אונ די פאָלקאָמבילדנ פונ די אויטאָנאָמע רעפובליקנ פאַרפליכטנ די שול־פאַרוואַלטערס אונטער זייער פערזענלעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט באַוואָרענענ דעמ סאַניטאַר־היגיענישנ צושטאַנד אונ דאָס ריינהאַלטנ די שול־לאָקאַלנ אונ הויפנ.

8) אַרופלייגנ די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַרנ אויספילנ די טיפ־אָרדענונג פונ די שול־לימודימ אונ די נאָרמעס פונ אָנלאָדנ די שילער מיט אַלע פאָרמענ לערנ־פראָדוצירישער אונ געזעלשאַפטלעכער אַרבעט — אַפ די שול־פאַרוואַלטערס אונ לויט דער ליניע פונ אָנפירונג — אַפ די פאַרוואַלטערס פונ די ראַיאָנע אָפּטיילונגענ פונ דער פאָלקסבילדונג.

באַפטראָגנ דעמ פאָלקאָמ פאַר דער אַרבעטער־פויערשער אינספּעק־ציע — אינ דריי כאַדאָשימ אַרומ דורכפירנ א קאָנטראָל איבער דער אויספילונג פונ דער דאָזיקער אָרדענונג אונ פונ די נאָרמעס אונ אָפּ־געבנ א באַריכט דעמ ראַט פונ די פאָלקס־קאָמיסאַרנ פונ רספסר.

9) פאַרווערנ דאָס ברעכנ דעמ לימודימ־פּלאַנ פונ דער שול אונ יעדנ מינ צופאַסנ אימ צו די באַדערפענישנ פונ קורסנ אָדער שולנ פאַר דערוואַקסענע, אויב זיי איז דערלויבט צו לערנענ זיכ אינ דער שול־געביידע. איינשטעלנ א ספּעציעלע סאַניטאַרע אויפזיכט איבער די שולנ, וווּ עס זיינענ דערלאָזנ לימודימ פונ דערוואַקסענע. אַלע פראַגנ, וואָס זיינענ פאַרבונדנ מיטנ אויסנוצנ דעמ שול־לאָקאַל פאַר אַנדערע באַדער־פענישנ, לייזנ די פאַרוואַלטערס פונ די ראַיאָנע אָפּטיילנ פונ פאָל־קאָמבילד.

10) פאַרפליכטנ די אָרגאַנענ פונ פאָלקאָמבילד, פאָלקאָמגעזונט אונ די אָרטיקע קאָמיטעטנ פונ אַלגעמיינער בילדונג דורכצופירנ א ברייטע פּראָפּאַגאַנדע פונ אַלע מיטלענ, אַפ איינצורעגולירנ די שול־אַרבעט, צווישנ די אַרבעטער, קאָלווירטניקעס, עלטערנ פונ די שילער, לערער, פּיאָנער־אָנפירער אונ די קינדער גופע, צוציענדיק די פּראָפאַרייענ, דעמ קאָמיוג, די פּיאָנער־אָרגאַניזאַציעס, די מיטהילפ־ראַטנ אונ באַזונ־דערס די צענטראַלע אונ אָרטיקע פרעסע צו דער באַהאַנדלונג פונ אַלע פראַגנ, וואָס זיינענ געשטעלט געוואָרנ אינ דער דאָזיקער באַשטימונג, באַזונדערס פאַרפליכטנ דעמ פאָלקאָמבילד דורכצופירנ די באַהאַנדלונג

פון דער דאָזיקער פראַגע אויף די לערער־קאָנפערענצן און אויף די קאָנ־פערענצן פון די שילער.

פאַרטרעטער פונעם פאָרזיצער פונעם ראַטפאָלקאָם פון רספסר

ד. לעבעד.

פאַרוואַלטער מיט די איניאָנים פונעם ראַטפאָלקאָם און פונעם עקאָנאָמישן ראַט פון רספסר

א. געראַסימאָוו.

מאָסקווע, קרעמל, 15 פעוורא‎ל 1932 י., נומ. 117.

# טיפ־אָרדענונג פונ די שול־לימודימ אונ די נאָרמעס פונ אָנלאָדנ די שילער מיט אלע פאָרמענ לערנ־פראָדוצירישע אונ געזעלשאפטלעכע ארבעט

(באשטימונג פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט)

## I. לערנ־אָרדענונג

1. אײנשטעלנ רעמ אָנהײב פונ די לימודימ אינ די שולנ פאר די שילער פונ דער 1־טער שטופע ניט פריִער פונ 8½ אזײגער אינדערפרי, אונ פאר דער II שטופע — ניט פריִער פונ 8 אזײגער אינדערפרי.

2. אײנשטעלנ פאר די שילער פונ די 1־טע, 2־טע אונ 3־טע גרופעס ניט מער פונ 32 שאָענ (צו 45 מינוט) אינ א דעקאדע. פאר דער 4־טער גרופע — ניט מער פונ 40 שאָענ אינ א דעקאדע אונ פאר דער II שטופע — ניט מער פונ 48 שאָענ אינ א דעקאדע, אײנשליסנדיק אהער אלע לערנ־אונ פראָדוצירישע לימודימ. די צײט פונ האפסאָקעס אײנשטעלנ אפ 10 מינוט אונ פונ דער גרויסער האפסאָקע, דה. די האפסאָקע צווישנ דער צווײטער אונ דריטער שאָ פאר דער I שטופע אָדער צווישנ דער דריטער אונ פערטער שאָ אינ דער II שטופע — 30 מינוט.

3. דאָס פאנאנדערטײלנ די שאָענ אינ משעכ פונ טאָג אונ פונ א דעקאדע דארפ זײנ אָרגאניזירט אנטשפרעכיק די עלטער־באזונדערקײטנ פונ די קינדער, בא א ריכטיקנ בײטנ נאָכ דער רײ די לײכטע מיט די שווערע לעקציעס אונ לימודימ.

ס'איז פארווערט צו פארטאָפלענ שאָענ, אפשאפנ האפסאָקעס אונ קאָנצענטרירנ שווערע לעקציעס אונ לימודימ.

4. די ארבעטנ, וועלכע ווערנ פארגעבנ אהײמ, דארפ מענ באגרענעצנ אפ אזא אופנ, אז די קינדער זאָלנ פאר אלע פארגעבונגענ אפגעבנ

30—45 מינוט — אינ די ערשטע אונ צווייטע גרופּעס, 1 שאָ — אינ די דריטע אונ פערטע גרופּעס אונ 1½—2 — אינ דער II שטופּע. ניט דערלאָזנ קיינע פאַרגעבונגענ אהיימ ערעוו די אָפּרו־טעג פונ די קינדער.

5. פאַרפליכטנ די שול־פאַרוואַלטערס אונ די קאָאָפּערירונג צו באַזאָרגנ מיט הייסע פרישטיקנ די שילער פונ אַלע וואַכטעס אונ גרופּעס ביימ דער גרויסער האַפּסאַקע, פאַרווערנ צו פאַרטיילנ דאָס עסנ אויפ עטלעכע האַפּסאַקעס אָדער שאָענ.

6. ווענ אינ דער שול לערנענ צוויי וואַכטעס, דאַרפנ אַלע לימודימ אונ אַרבעטנ פונ די שילער פונ דער I אונ II גרופּע זיכ ענדיקנ ניט שפּעטער ווי 6 אַזייגער אינאָוונט, פונ דער III אונ IV גרופּע — ניט שפּעטער פונ 7 אַזייגער אינאָוונט, אונ פונ דער II שטופּע — ניט שפּעטער פונ 8 אַזייגער אינאָוונט. נאָכ 8 אַזייגער אינאָוונט פאַרווערנ יעדנ מינ קאָלעקטיווע לימודימ אָדער פאַרזאַמלונגענ פונ די שילער פונ דער I אונ II שטופּע אינ דער שול־געביידע אונ אויסער איר.

די שול־רוימענ דאַרפנ ווערנ גוט אויסגעלופטערט. פאָדערנ פונ די שילער פּינקטלעכ אויספילנ די עלעמענטאַרע קלאָלימ פונ דער היגיענע (אָפּווישנ די שיכ, וואַשנ די הענט פאַרנ עסנ אאַ.), פאַר די לימודימ פונ פיזישער קולטור באַוואָרענענ אַ געהעריקנ לאָקאַל אונ אַ פּלאַץ אינ דרויסנ.

פאַרפליכטנ די פאַרוואַלטערס פונ די שולנ, וווּ די לימודימ קומענ פאָר אינ צוויי אונ מער וואַכטעס, איינצושטעלנ אַזאַ אָרדענונג, אַז אַלע גרופּעס קינדער פונ יינגסטנ עלטער (I שטופּע) זאָלנ זיכ לערנענ אינ דער ערשטער וואַכטע.

## II. געזעלשאַפטלעכע אַרבעט

יעדער שילער קאָנ האָבנ (אינ יעדנ געגעבענעמ צייט־אָפּשניט) ניט מער ווי איינ אויסגעווײלטע (באַשטענדיקע) אָנלאָדונג אָדער אינ דער שול, אָדער אינ פּיאָנער־אָטריאַד.

אָ נ מ ע ר ק ו נ ג. 1. קעדיי אויסצומיידנ איבערלאָדונגענ, דאַרפנ שטרענג רעגלאַמענטירט ווערנ אויכ אַלערליי עפּיזאָדישע וויניק דויערנדיקע פאַרגעבונגענ. אינ יעדנ איינצלנעמ פאַל ווערנ זיי דערלויבט

בלויז נאכנ פארשטענדיקנ זיכ צווישנ די שול־אונ פיאנער־ארגאניזא־ציעס פונ די קינדער אונ ווערנ באשטעטיקט פונ די שול־פארוואל־טערס.

2. די אלגעמיינע אנלאָרונג מיט אלע פאָרמענ פונ געזעלשאפט־לעכער ארבעט (דאָס אויספילנ אלערליי געזעלשאפטלעכע אופגאבנ, פארזאמלונגענ, זיצונגענ, פיאָנער־פארזאמלונגענ) אינ דער שול, פיאָ־נער־אָטריאד, אינ די אונטערנעמונגענ אונ אינ די געזעלשאפטלעכע אנשטאלטנ אונ אָרגאניזאציעס טאָר ניט אריבערשטייגנ אינ א דע־קאדע:

פאר קינדער פונ 8 — 10 יאָר (I אונ II גרופעס) — 4 שאָ.
פאר קינדער פונ 11 — 13 „ (III אונ IV גרופעס) — 6 שאָ.
פאר קינדער פונ 14 — 16 „ (V, VI אונ VII גר.) — 8 שאָ.

3. די געזעלשאפטלעכע ארבעט אינ איינ טאָג טאָר ניט אריבער־שטייגנ:

פאר קינדער פונ 8 — 10 יאָר (I אונ II גרופעס) . . . . 1 שאָ
„ „ „ 11 — 13 „ (III אונ IV גרופעס) . . . 1½ „
„ „ „ 14 — 16 „ (V, VI אונ VII גרופעס) . 2 „

4. האלטנ פאר צוועקמעסיק דאָס אויסטיילנ פאר יעדער שול־גרופע באשטימטע טעג פאר איר געזעלשאפטלעכער ארבעט (לעמאָשל 4 טעג אינ א דעקאדע, אפהיטנדיק דעמ לימיט פונ דער מאקסימאלער טעגלעכער אנלאָדונג, וועלכע איז אנגעוויזנ אינעמ פריקנ פונקט) אונ צונויפשטעלנ פעסטע פלענער, וועלכע דיסקאָנטירנ די אלגעמיינע אָנלאָדונג פונ די קינדער אפ יעדנ טאָג.

5. די צאָל פונ די קינדער־זיצונגענ אונ פארזאמלונגענ דארפ דער־פירט ווערנ ביז א מינימום אזוי, אז יעדנ שילער זאָל אויסקומענ אָנ־טיילצונעמענ אינ מעשעכ פונ א דעקאדע ניט מער ווי אפ צוויי פאָר־זאמלונגענ. דער כאראקטער פונ די קינדער־פארזאמלונגענ דארפ זיינ פאָלגנדער: די קינדער־פארזאמלונגענ דארפנ פארקומענ אינ א צוגעגנ־לעכער אונ אינטערעסאנטער פאר די קינדער פאָרמ פונ לעבעדיקע שמועסנ, דערביי דארפ מענ זענ, אז אלע אָנוועזנדיקע זאָלנ אָנטייל־נעמענ אינ באהאנדלענ די ארויסגערוקטע פראגנ. יעדע קינדער־פאר־זאמלונג דארפ זיינ שטרענג רעגלאמענטירט אינ דער צייט אונ טאָר ניט אריבערשטייגנ:

| | | | | |
|---|---|---|---|---|
| פאַר קינדער פונ | 8 — 9 | יאָר (I גרופּע) . . . . . . . | 30 | מינוט |
| " " " | 10 — 11 | " (II גרופּע) . . . . . . . | 1 | שאָ |
| " " " | 12 — 13 | " (III — IV גרופּע) . . . | 2½ | " |
| " " " | 14 — 16 | " (V, VI און VII גרופּע) | 2 | " |

6. קעדײ צו ראַציאָנאַליזירנ די געזעלשאַפטלעכע אָנלאָדונג פונ די קינדער, איז נױטװענדיק:

1) פונ די צאָלרײַכע פּאָליטיש װיכטיקע אונ נײטיקע באַצירקנ אױסװײלנ פאַר דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פונ די קינדער נאָר יענע, װאָס האָבנ אַ לערנ־דערציִערישנ װערט אונ אַנטשפּרעכנ די מעגלעכקײטנ אונ אינטערעסנ פונ די קינדער פאַר יעדנ געהעריקנ עלטער.

2) פאַרװערנ צו געבנ די קינדער אָנלאָדונגענ, װאָס זײַנענ שעדלעכ פאַרנ געזונט אונ פאַר דער ריכטיקער אַנטװיקלונג פונעם אָרגאַניזם, װי אױכ אַזױנע אַרבעטנ, װאָס זײַנענ פאַרבונדנ מיט דער מעגלעכקײט פונ אַנ אינפעקציע (לױט דער אָנװײַזונג פונעם דאָקטער פאַר געזונט־פאַרהיטונג פונ די קינדער).

3) באַם פאַרטײלנ די אַרבעט נעמענ אינ אַכט דעמ קינדס עלטער, זײַנע אינטערעסנ אונ אינדיװידועלע פײִקײטנ, געזונט־צושטאַנד, זײַנע דערפאָלגנ אינ דער שול.

4) מאַקסימאַל פאַרמינערנ די אָנלאָדונגענ, װאָס פאָדערנ אַ מעכאַנישע אױספילונג (שרײַבנ, צעטראָגנ מעלדונגענ אונ צײַטונגענ, רעגיסטרירנ מיטגלידער אינ קרײַזלעך אאַ.) אונ װאָס האָבנ אַ קנאַפּע באַדײַטונג פאַרנ דערציִענ אונ בילדנ די קינדער.

## III. דער לעבנשטײגער אונ די פרײַע צײַט פונ די קינדער

1) באַם אײַנשטעלנ די אָרדענונג פונ דער שול־אונ אױסערשול־אַרבעט נעמענ אינ אַכט, אַז דער נאָרמאַלער שלאָפ פונ די קינדער פונ 8—10 יאָר דאַרפ זײַנ ניט װײניקער פונ 10—11 שאָ, פאַר 12—16 יאָר — ניט װײניקער פונ 9—10 שאָ.

2. באַם אײַנשטעלנ די גרײס פונ דער צײַט פאַר דער קלוב־אַרבעט אונ געזעלשאַפטלעכער שול־אַרבעט איבערלאָזנ פרײַע פונ אַלערלײ אָבליגאַטערישע אָנלאָדונגענ צײַט אױפ שפּילנ, ספּאָרט, פאַרװײַלונגענ, לײענענ אאַװ.

3. דערפירן ביז א מינימום דאָס אָנלאָדן די קינדער מיט ארבעט אפ אהיים, פירנדיק א דערקלערונג־ארבעט מיט די עלטערן און פאר־קלענערנדיק די אָנלאָדונג פון די שילער אין דער שול און אין דער פּי־אָנערן־אָרגאניזאציע אנטשפּרעכיק דער אָנלאָדונג אין דער היים. די שול מוז פירן א קאמפּ קעגן די פארקריפּלונגען, וואָס זיינען פאראן אין אָנלאָדן די קינדער מיט היימישער ארבעט. איינשטעלן א קאָנטראָל פון די געזעלשאפטלעכע אָרגאניזאציעס (מיטהילפס־ראטן, פּראָפאריי־ען, קעמערלעך פון דער געזעלשאפט „קינדער־פריינט”, פּארוואלטונ־גען פון די קאָלווירטן, קאָמיוג, פּיאָנער־אָרגאניזאציעס) איבער אָט דער אָנלאָדונג פון די קינדער, פאנאנדערוויקלענדיק א קאמפּ קעגן די פאראנענע פארקריפּלונגען.

4. אין די אָפּרו־טעג ווערן פאר די שילער פון אלע שול־גרופּעס קאטעגאָריש פארווערט וועלכע עס איז לימודים, פארזאמלונגען, זיצונ־גען, באזוכן פון אונטערנעמונגען, מוזייען אד״ג. עס ווערט רעקאָמענ־דירט אין די אָפּרו־טעג אייננצוּאָרדענען בלויז שפּאצירגענג און פאר־שיידענע פאָרמען ספּאָרט (שליטלען, גליטשן זיך, פאָרן אפ לייזשעס אד״ג).

פאָלקס־קאָמיסאר פאר בילדונג א. בובנאָוו.
פאָלקס־קאָמיסאר פאר געזונט־פארהיטונג וולאדימירסקי.

# וועגנ דורכפירנ די מאסעווע פארגעזינטערונג־מאָסמיטלענ אינ די קינדער־אנשטאלטנ

(באשטימונג פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט).

צו אלע קאנט־ראונ געזנט־אָפּטײלונגענ פאר פאָלקס־בילדונג, צו די פאָלקאָמבילדנ פונ די אויטאָנאָמע רעפּובליקנ, צו אלע געזנטלעכע, וואַסער־אונ קאנט־געזונט־אָפּטײלנ אונ צו די פאָלקאָמגעזונט פונ די אויטאָנאָמע רעפּובליקנ.

אָפּ צו באַשטעטיקנ די פריִער געגעבענע דירעקטיווג ווערט אײַכ פאָרגעלייגט טייקעפּ דורכצופירנ די פאָלגנדיקע מאָסמיטלענ:

## א) צו אלע געזנטלעכע בילדאָפּטײלנ, פאָלקאָמבילדנ פונ די אויטאָנאָמע רעפּובליקנ, ראיאָנע בילד־אָפּטײלנ, פאַרוואַלטערס פונ די קינדער־אנשטאלטנ

1. אײַנשטעלנ די פּערסאָנעלע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פונ אלע פאַרוואַלטערס פונ די שולנ, קינדערהײַזער, קינדערגערטנער, צוזאַמענוווינונגענ, פאַרנ ברענגענ באַצײַטנס אינ א געהעריקער סאַניטאַרער אָרדענונג אלע לאָקאַלנ אונ ווײַטער האַלטנ אינ א געהעריקנ סאַניטאַר־היגיִעניִשנ צושטאַנד די אנשטאַלטנ, מיט וועלכע זיי פירנ אָנ.
2. אַבסאָליוט פאַרווערנ צו באַנוצנ די שולנ פאַר זײַטיקע צוועקנ.
3. אויסטײלנ א ספּעציִעלנ טאָג אינ משך פונ כוידעש אפּ פולקומ סאַניטאַר באַאַרבעטנ די שולנ אונ קינדער־אנשטאַלטנ אונ דורכפירנ די דעזינסעקציע פונ די קינדער־אנשטאַלטנ ניט ווייניקער ווי אײנ מאָל א כוידעש.
4. אײַנשטעלנ א באַשטימטע האָספּאָקע — ניט ווייניקער פונ א שאָ צווישנ די וואַכטעס, קעדיי מע זאָל קאָנענ אויפראַמענ די קלאַסנ אונ די גאַרדעראָבנ.

5. אכטונג געבן, אז אלע לאָקאלן זאָלן טעגלעך פײַכט אויפגעראמט װערן.

6. צונויפרײדן זיך מיט די אָפּטײלן פון קאָמונאלער װירטשאפט װעגן אויסטײלן שאָען צו גײן אין באָד און אויב מעגלעך — אויך טעג, ספּעציעל פאר שילער, קינדערהײַזער און צוזאמענװױנונגען, באַזאָרגנדיק יעדערן מיט אן אומזיסטן באנוצן די באָד ניט זעלטענער װי 3 מאָל א חודש.

7. אָנעמען אלע מיטלען אפ צו באַװאָרענען אלע קינדער־אנשטאלטן מיט באהײצונג, מע זאָל אויסמײַדן זיצן אין די אויבערשטע בעגאָדים אין דער צײַט פון לימודים.

8. אײַנשליסן אלס לערן־געגנשטאנד אין אלע שולן די ביאָלאָגיע פון די פּאראזיטן פונעם מענטשן און פון דער װױנונג און די קאמפּמיטלען קעגן זײ.

9. קעדײ צו פארקלענערן די געפאר פון איבערגעבן די אינפעקציע דורך די אויבערשטע בעגאָדים — פארפליכטן די שול־פארװאלטערס:

א) אויסטײלן א גענוג געראמען לאָקאל אָדער פלאץ פאר די גארדעראָבן, ניט דערלאָזנדיק דאָרטן קײן ענגשאפט פאר די זאכן און פאר די קינדער.

ב) אײַנאָרדענען אין די גארדעראָבן הענגערס פאר די אויבערשטע בעגאָדים און פארזאָרגן די שילער מיט באזונדערע נומערן, אויב עס איז ניט מעגלעך דורכצופירן די סיסטעם פון אינדיװידועלע שאפעס.

ג) קאטעגאָריש פארװערן האלטן די אויבערשטע בעגאָדים, היטלען אא. אין די קלאסן און אין די אנדערע לערן־צימערן, אפרו־זאלן און שלאָפצימערן; די הענגערס ארויסטראָגן פון דאָרטן אין די גארדעראָבן.

ד) אויב עס איז ניט אײַנגעפירט די סיסטעם פון אינדיװידועלע שאפעס, פארװערן די קינדער נעמען אלײן די זאכן און אײַנפירן די אָרדענונג פון ארויסגעבן די בעגאָדים לויט די עטאזשן אָדער גרופּעס, קעדײ צו פארקלענערן די שטיקעניש און ענגשאפט אין די גארדעראָבן.

ה) קאטעגאָריש פארװערן ארומצוגײן אין די אויבערשטע בעגאָדים איבער דער שול־ און קינדער־צוזאמענװױנונג — סײַ די פּעדאגאָגן, סײַ דעם טעכנישן פּערסאָנאל און די קינדער.

ו) אפ צו באדינען די גארדעראָבן אויסטײלן פונעם שטאט א טעכנישן פּערסאָנאל, װאָס איז פאראנטװאָרטלעך פאר דעם, די בעגא־

דימ זאָלנ זײַנ גאַנצ, אונ פּאַרנ סאַניטאַרנ צושטאַנד פונ די גאַרדעד-ראָבנ.

ז) אָרגאַניזירנ דאָס שערנ סיסטעמאַטיש די שילער, די קינדער פונ די קינדערהײַזער אונ צוזאַמענוווינונגענ ניט זעלטענער ווי אײנ מאָל א כוידעש דורכנ צופּעסטיקנ פריזירער צו די קינדער־אַנשטאַלטנ אונ שערנ דאָרט אַפנ אָרט.

ט) די קינדער מוזנ אונטערזוכט ווערנ, צי זײ זײַנענ אָנגעשטעקט מיט פּאַראַזיטנ, ניט זעלטענער ווי אײנ מאָל אינ א דעקאַדע, צוציִענ־דיק צו דעמ דעמ קינדער־אַקטיוו אונ דעמ מיטהילפ־ראַט.

י) באַמ געפינענ פּאַראַזיטנ דאַרפנ די קינדער טײקעפ דורכגײנ א דעזינפעקציע, צונויפריידנדיק זיכ מיט דער סאַניטאַרער אָרגאַניזאַציע.

כ) קינדער מיט אָפּט באַמערקטער לײַזיקײַט דאַרפנ דורכגײנ אָפּט אונ אָנ א רײ א סאַניטאַרע באַאָבאַכטונג.

ל) די אַדרעסנ פונ די קינדער מיט קלײדער־לײַז ווערנ איבערגעגעבנ די אָרטיקע סאַניטאַרע אָרגאַניזאַציעס אַפ אויספאָרשנ אונ אַפּ סאַניטאַר באַאַרבעטנ די פאַמיליע אונ די דירע.

10. בענעגײע די קיטהער־אינטערנאַטנ (קינדערהײמענ אונ אַרבעטער־קאָמונעס) איז אַכוצ דעמ, וואָס איז אויסגערעכנט געוואָרנ נײטיק:

א) אָנעמענ אַלע מיטלענ אַפּ צו באַוואָרענענ די קינדער פונ די אינטערנאַטנ מיט אינדיווידועלע בעטנ, מיט וועש אונ לײַלעכער, ניט דערלאָזנדיק שלאָפנ זאַלבענאַנד אינ אײנ בעט אָדער אַפ דער פּאָדלאָגע.

ב) אַלע נײַ־אָנגעקומענע סאַניטאַריש באַאַרבעטנ, ניט צולאָזנדיק זײ אָנ דעמ אינ שלאָפּציִמער.

ג) באַזאָרגנ שאַפעס צו האַלטנ די אײגענע זאַכנ פונ די קינדער.

ד) קאַטעגאָריש פּאַרווערנ ליגנ אָנגעטאָנענערהײט אינ די בעטנ אָדער צודעקנ זיכ מיט די אויבערשטע בעגאָדיום.

ה) באַוואָרענענ דאָס האַלטנ ווי געהעריק די שמוציקע וועש אינ די סקלאַדנ, אָפּגעזונדערט פונ די רײנע וועש.

ו) ניט דערלאָזנ וואַשנ וועש אינ די לאָקאַלנ פונעמ אינטערנאַט, דורכפירנ עס אָדער אינ ספּעציִעל־צוגעפּאַסטע לאָקאַלנ אָדער אָפּגעבנ די וועש אינ דאַנ אַלגעמײנער וועשערײַ.

ז) אָרגאַניזירנ א רעגולערע אויסלופּטערונג פונ די בעטגעוואַנט אונ פונ די בעט־וועש ניט זעלטענער ווי 1 מאָל אינ א דעקאַדע.

ט) יעדער קראנקער מיט היץ דארף טייקעף ארויסגעפירט ווערן פון געמ אלגעמיינעם שלאָפצימער צוזאמען מיט זיינע בעטגעוואנט.

## ב) צו אלע קאנט- און געגנט-געזונט־אָפּטײלונגען און צו אלע פאָלקאמגעזונטן פון די אויטאָנאָמע רעפובליקן

1. פארשטארקן די אויפזיכט און דעם קאָנטראָל איבער די שולן און קינדער־אנשטאלטן זיי זאָלן געבראכט און געהאלטן ווערן אין א מוסטערהאפטער סאניטאר־היגיענישער אָרדענונג און צושטאנד.

2. צום סיטעמאטישן באדינען אלע קינדער־אנשטאלטן, אכוץ די דאָקטוירים פאר פארהיטן דעם געזונט פון די קינדער — וועלכע באדינען דירעקט די קינדער־אנשטאלטן,—צוציען אויך דאָקטוירים און דעם מעד־פערסאָנאל פון אנדערע ספעציאַליטעטן, ווי אויך געזעלשאפטלעכע סאנ. אינספעקטאָרן פון די מעד־ארבעטער, ארופלייגנדיק אף זיי דאָס דורכפירן אלע מעדיציניש־סאניטארע מאָסמיטלען לויט די אָביעקטן, צו וועלכע זיי זיינען צוגעפעסטיקט.

3. אָרגאניזירן פאר די געזעלשאפטלעכע סאניטארע אינספעקטאָרן א געהעריקן אינסטרוקטאזש.

4. צוציען די קעמערלעך פון „רויטן קרייץ", „קינדער־פריינט" אף אכטונג געבן ווי עס ווערט דורכגעפירט דער סאנ. מינימום אין שול און אין דער היים.

5. פארשטארקן די סאניטאר־ארבעט צווישן פעדאגאָגישן און דערציערישן פערסאָנאל פון די קינדער־אנשטאלטן, איינאָרדענענדיק א ספעציעלן סעמינאר אף צו באקענען זיי מיט די אָנשטעקונג־מיטלען און מיט דער פארהיטונג פון פלעקטיפוס, ווי אויך א שטענדיקן אינסטרוקטאזש.

די אָרגאנען פון געזונט־פארהיטונג צוזאמען מיט די קאָמיוגישע און פיאָנערישע אָרגאניזאציעס און דער ארבעטער־געזעלשאפטלעכקייט דארפן טייקעף דורכפירן א קאָנטראָל איבער דער אויספילונג פון דער דאָזיקער פאראָרדענונג און איינשטעלן א סיסטעמאטישן שטרענגן קאָנטראָל איבער דער דורכפירונג פון די אָנגעמערקטע מאָסמיטלען, אויסנוצנדיק אלע רעכט פון דער סאניטארער אינספעקציע.

פארטרעטער פונעם פאָלקאָמבילד מאלצעוו.

הויפּט־סאנינספעקטער פונעם פאָלקאָמגעזונט ניקאָלייעוו.

# וועגנ אײַנאָרדענענ דעמ קינדער־לעבנ אינ די פאָרשול־אנשטאלטנ אונ וועגנ טיפּ־רעזשימ

(צירקוליאַר פונ פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט)

צו אַלע סאַנט־ אונ געגנט־אָפּטײלנ פונ פאָלקאָמבילדונג אונ פאָלקאָמ־בילדנ פונ די אויטאָנאָמע רעפּובליקנ, צו אַלע געגנטלעכע געזונט־אָפּטײלנ אונ די פאָלקאָמגעזונטנ פונ די אויטאָנאָמע רעפּובליקנ

אינ צוזאַמענהאַנג מיטנ גיכנ וווּקס פונ די פאָרשול־אנשטאַלטנ באַקומט די פראַגע וועגנ ריכטיק אָרגאַניזירנ דעמ קינדס לעבנ אינ די פאָרשול־אנשטאַלטנ א באַזונדערע באַדײַטונג.

דער פאָלקאָמבילד אונ פאָלקאָמגעזונט פונ רספסר לײגנ פאָר אײַנשטעלנ פאָלגנדיקע מוסטער־אָרדענונג אינ די פאָרשול־אַנשטאַלטנ:

1) דאָס דורכפירנ דעמ רעזשימ אינ יעדנ פאָרשול־אנשטאַלט דאַרפ פּלאַנירט ווערנ אנטשפּרעכיק די באַזונדערקײַטנ אינעמ עלטער, באַ א ריכטיקנ בײַטנ נאָכ דער רײ אַרבעט מיט אָפּרו, באַ אָרגאַניזירטע פאַרנעמונגענ אונ פרײַער טעטיקײַט. דער רעזשימ דאַרפ אינ די פאָרשול־אַנשטאַלטנ געבויט ווערנ אפ אַזאַ אופנ, אז עס זאָל באַוואָרנט ווערנ דאָס אויספילנ אַלע היגיִענישע פּראָצעדורנ, וואָס זײַנענ פאַרבונדנ מיטנ אײַנפלאַנצנ סאַניטאַר־היגיִענישע געוווינהײַטנ.

2) דאָס קומענ פונ די קינדער אינ קינדערגאָרטנ מוז ווי ווײַט מעגלעכ זײַנ צוגעפּאַסט צומ אוועקגײנ פונ די עלטערנ אפ דער אונטערנעמונג, אָבער עס דאַרפ ניט זײַנ פריִער פונ 7½ אינדערפרי. אינ די פאַלנ, ווענ די פאַמיליע קאָנ ניט באַוואָרענענ דאָס קומענ פונ די קינדער צו דער אָנגעוויזענער צײַט, מוז אינעמ קינדערגאָרטנ אָרגאַניזירט ווערנ נאַכט־גרופּעס, אפ באַוואָרענענ א נאָרמאַלנ נאַכט־שלאָפ

פונעם קינד, אָדער וויינקסטנס א פּריִיקן דעזשורירן מיצאד די אָנ־פירער אפ אופּצונעמען די דאָזיקע קינדער.

3) וויפל עס הארפ געדויערן יעדע אָרגאַניזירטע פארנעמונג — דאָס הארפ איבגעשטעלט ווערן אין אָפּהענגיקייט פונעם כאראקטער און אינהאלט פון דער ארבעט און האַרפ זיין:

אין דער עלטערער גרופּע ניט מער ווי 30—35 מינוט

אין דער מיטעלער גרופּע ניט מער ווי 20—25 מינוט

אין דער יִנגערער גרופּע ניט מער ווי 15—20 מינוט (20 מינוט סאָפ יאָר).

אינעם פּארלענגערטן קינדערגאָרטן דארפ מען אין דער עלטערער און מיטעלער גרופּע דורכפירן אין מעשעכ פונעם טאָג צו צוויי אָרגאַניזירטע פארנעמונגען: איינע — אין דער ערשטער, און די צווייטע (א לייכטערע) — אין דער צווייטער העלפט טאָג, ווי ווייט מעגלעכ אפ דער פרייער לופט.

די שמועסן פון אָרגאַניזאַציאָנעלן כאראקטער הארפן געדויערן:

פאר די עלטערע גרופּעס — 15 מינוט, פאר די מיטעלע — 10 מינוט.

4) די צאָל קינדער־יאָנטויווים, ווו ס'ווערן ארייגעצויגן דער גאַנ־צער קינדער־קאָלעקטיוו, די עלטערן, די געזעלשאפטלעכקייט אא., הארף זיין ניט גרעסער ווי 4 מאָל אין יאָר (צו איינעם אין א קווארטל).

5) באַם אָרגאַניזירן עקסקורסיעס דארפן די קינדער גיין צופוס אפּן אָרט פון די עקסקורסיעס (אין איין זייט) ניט מער, ווי 30 מי־נוט — פאר די עלטערע גרופּעס, 20 מינוט — פאר די מיטעלע, 10 מינוט — פאר די יִנגערע.

די עקסקורסיע־באטראכטונג הארף ניט געדויערן מער, ווי: 20—25 מינוט — פאר דער עלטערער גרופּע, 15—20 מינוט — פאר דער מיטעלער, 10—15 מינוט — פאר דער יִנגערער.

באמערקונג: באם דורכפירן עקסקורסיעס איז נייטיק צו באַ־וואָרענען דעם אָפּרו פון די קינדער 2 מאָל צו 5—10 מינוט, קומענ־דיק אפּן אָרט פון דער עקסקורסיע און פארן אומקערן זיך צוריק, באזונדערס נעמענדיק אין אכט דעם צושטאנד פון די שוואכערע קינ־דער.

6) באַם פּלאנירן די אָרגאַניזירטע ארבעט — שפּיל־ און צייכנ־

טעטיקײַט פונ די קינדער איז נײטיק צו באװאָרענענ די אויסשטאטונג, אינסטרומענטנ אונ הילפמיטלענ, װאָס זאָלנ אנטשפּרעכנ די באזונדערקײַטנ פונעמ קינדער־אָרגאניזמ אונ דער פסיכיש־פיזישער אנטװיקלונג פונ די קינדער.

7) באַמ אָרגאניזירנ די זעלבסטבאדינונג פונ די קינדער מוז מענ זיכ רעכענענ מיט די באזונדערקײַטנ אינ זײער עלטער אונ מיט זײער שטײַגער־באדינונגענ (אָנטײל פונ די קינדער אינ דער הויז־ארבעט), דורכפירנדיק אנ אויספאָרשונג אינ דער הײמ.

יעדעס קינד קאָנ האָבנ אינ א באשטימטנ צײַט־אָפּשניט ניט מער װי אײנ פליכט אינ באדינענ דעמ קינדער־קאָלעקטיװ. דער אָנטײל פונ די קינדער אינ די פּראָצעסנ פונ זעלבסטבאדינונג דארפ אינ מעשעכ פונעמ גאנצנ טאָג געדױערנ ניט מער, װי:

30 מינוט — פאר דער עלטערער גרופּע, 20 מינוט פאר דער מיטעלער גרופּע, 10 מינוט — פאר דער ייִנגערער.

8) עס איז נײטיק צו באװאָרענענ א רעגולערע דערנערונג, אלעמאָל אינ א באשטימטער צײַט, מיט אזא אויסרעכענונג, אז די צװישנצײַט צװישנ צװײ מאָל עסנ זאָל ניט זײַנ מער װי 3—4 שאָ.

דעמ פרישטיק דארפ מענ די קינדער געבנ ניט שפּעטער װי אינ א שאָ ארומ נאָכ זײער אופשטײנ, סײַ אינ די קינדער־אנשטאלטנ סײַ אינ דער הײמ.

9) מענ דארפ אומבאדינגט זענ דורכפירנ דעמ נאָכמיטאָג־אָפּרו (געװוּנטשנ איז שלאָפ) פונ אלע קינדער אינ מעשעכ פונ 1½—2 שאָ (צװײ שאָ צוזאמענ מיט די צוגרײטונגענ אונ מיטנ אופשטײנ).

10) דאָס פארברענגענ אפ דער פרײַער לופט דארפ אינ דער קאלטער צײַט פונ יאָר געדױערנ ניט װײניקער פונ 4—8 שאָ א טאָג (מיט האפסאָקעס). אינ דער װארעמער צײַט פונ יאָר דארפ די גאנצע ארבעט אונ אויכ דער שלאָפ ארויסגעטראָגנ װערנ אפ דער פרײַער לופט.

דאָס פארברענגענ פונ די קינדער אפ דער פרײַער לופט, באזונדערס אינ דער קאלטער צײַט, דארפ אזוי אָרגאניזירט װערנ, אז מע זאָל באװאָרענענ א גענוגיקע אקטיװקײַט אונ באװעגלעכקײַט פונ די קינדער.

11) די פארנעמונגענ אינ פארלענגערטנ קינדער־גאָרטנ דארפ זיכ

פאַרענדיקנ צום סאָפ ארבעטטאָג פונ די עלטערנ אַפ דער אונטערנע-מונג, אָבער ניט שפעטער ווי 7½ אזייגער אינ אָוונט. די קינדער, וועלכע מע קאָנ צו דער צײַט ניט אָפשיקנ אהיים, דאַרפנ פאַרבלײַבנ אינ דער נאַכט-גרופּע.

באַמערקונג: די קינדערגערטנער, וואָס האָבנ א פאַרקירצטנ ארבעטטאָג, שטעלנ אײַנ דעם אָנהייב אונ דעם סאָפ פונ זייערע פאַר-נעמונגענ, אָפּהענגיק פונ די אָרטיקע באַדינגונגענ, פאַרשטענדיקנדיק זיכ מיט די אָרטיקע געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס — באַם נאָ-ענטסטנ אָנטייל פונעמ דאָקטער, ענדערנדיק אַפ אנ אַנטשפּרעכיקנ אויפנ דעם טיפּ-רעזשים.

12) אַפנ גרונט פונעמ אויבנ געזאָגטנ ווערט דאָ פאָרגעלייגט א סכעמע פונ א טיפּ-רעזשים, וועלכנ עס האָט אויסגעאַרבעט דער צענ-טראַלער וויסנשאַפטלעכער אינסטיטוט פאַרנ אָפּהיטנ דעם געזונט פונ די קינדער אונ דער יוגנט.

## סכעמע.

שפּעטער פרילינג, זומער, פריִער האַרבסט.

די גאַנצע אַרבעט ווערט דורכגעפירט דעריקער אַפ דער פרײַער לופט. 7—8 — אויפשטיינ, אײַנוואַשנ זיכ, פּוצנ די ציינ, באַטראַכטנ די קינדער (אינ קאָלאָניע).

8—9 — פרישטיק, אויפראַמענ, אַכטונג געבנ אַפנ לעבעדיקנ אינ-ווענטאַר.

9—9½ — אָרגאַניזירטע פאַרנעמונגענ אונ צוגרייטונג צו זיי.

9½—10½ — פרײַע שפּילנ.

10½—12 — זונוואַנעס, באָדנ זיכ, אָפּרו.

12—1 — צוגרייטונג צום מיטיק, מיטיק.

1—3 — שלאָפ (צוגרייטונג צום שלאָפ, אויפשטיינ).

3—3½ — פרײַע פאַרנעמונגענ, שפּילנ.

3½—4 — נאָכמיטיק-טיי.

4—6½ — שפּאַצירנגיינ, עקסקורסיעס, פרײַע פאַרנעמונגענ, אַר-בעטנ אינעם גאָרטנ.

6½—7 — אָוונטברויט.

7—7½ — רויִקער צײַט-פאַרברענג, שפּאַציר, אַפנ הויפ, שמועס אדג.

7½—8½ — צוגרייטונג צומ שלאָפ, וואַשנ די פיס, רייניקנ די ציינ, אײַנוואַשנ זיכ.

8½ — שלאָפ (ייִנגערע גרופע — 8 אַזייגער).

ווינטער, פריִער פרילינג, האַרבסט.

7½—8½ — אופשטיינ, אָנטאָנ זיכ, אײַנוואַשנ זיכ, דאָס צונויפ־זאַמלענ אַפנ גאַס (פאַר די, וואָס קומענ).

8½—9½ — רייניקנ די ציינ, וואַשנ די הענט, פרישטיק.

9½—10 — צוגרייטונג צו די פאַרנעמונגענ, אָרגאַניזירטע פאַרנע־מונגענ.

10—12 — פאַרברענגענ אַפ דער לופט, שפאַציר־גאַנג, פרײַע אונ אָרגאַניזירטע באַוועגלעכע שפילנ אַפ דער לופט.

12—1 — צוגרייטונג צומ מיטיק, מיטיק. ,

1—3 שלאָפ (צוגרייטונג צומ שלאָפ, אופשטיינ).

3—3½ — פרײַע פאַרנעמונגענ, שפילנ.

3½—4 — נאָכמיטיק־טיי.

4—6½ — שפאַציר־גאַנג, עקסקורסיע, פרײַע אָדער אָרגאַניזירטע פאַרנעמונגענ, לויט דער מעגלעכקײַט — אַפ דער פרײַער לופט, דאָס אַוועקגיינ אַהיימ.

6½—7 — אָונטברויט.

7—7½ — רויִקער צײַט־פאַרברענגג (שמועסנ, שפילנ).

7½—8½ — צוגרייטונג צומ שלאָפ: אײַנוואַשנ זיכ, רייניקנ די ציינ אאַוו.

8½ — שלאָפ (ייִנגערע גרופע — 8 אַזייגער).

דער רעזשימ איז געבויט אַפ 24 שאָ, ד. ה. ער נעמט אַרומ ניט נאָר די צײַט, וואָס דאָס קינד פאַרברענגט אינ קינדער־אַנשטאַלט, נאָר אויכ אינ דער פאַמיליע, ווײַל נאָר בײַ אַזוינע באַדינגונגענ, בײַמ פאַר־בינדנ דעמ פאַמיליענ־רעזשימ מיטנ רעזשימ פונ די קינדער אינ קינ־דערגאָרטנ קאָנ מענ ריכטיק בויענ דאָס לעבנ פונעמ קינד.

האָבנדיק אינ זינענ די פאַרשיידנאַרטיקײַט פונ די טיפנ פונ פאָר־שול־אַנשטאַלטנ (פאַרשיידענער דויער, וואַכטעס, נאַכט־גרופעס אאַ.) ווערנ אַפ אַזאַ אופנ געגעבנ דער דערציִערנ קלאָרע אונ אַלגעמיינע אײַנשטעלונגענ צו בויענ דעמ רעזשימ בײַ פאַרשיידענע באַדינגונגענ.

קעדיי צו באַוואָרענענ א ריכטיקנ רעזשימ אינ די קינדערגערטנער

איז נויטווענדיק צו דיסקאַנטירנ די סאָציאַל־שטייגערישע באדינגונגענ אונ די ארבעט מיט דער פאמיליע אפ צו אָרגאניזירנ דעמ שטייגער פונעמ קינד אינ דער פאמיליע, דיסקאַנטירנ דעמ געזונט־צושטאנד פונ די קינדער, ד.ה. דעמ דאָקטערס אנטשפּרעכנדיקע ארבעט פונ דורכ־פירנ די מעדיצינישע אונטערזוכונג אונ א רײ פּראָפילאקטישע מאָס־מיטלענ. די ארבעט אפנ געביט פונ דער סאניטארער אויפקלערונג פו־נעמ פּעדאַגאָגישנ אונ טעכנישנ פּערסאָנאַל, ווי אויכ פונ די עלטערנ, קעדײ צו באוואָרענענ דאָס דורכפירנ דעמ רעזשימ סײ אינ קינדער־אנשטאלט סײ אינ דער פאמיליע, אויספילנדיק דעמ סאניטאר־היגיע־נישנ מינימומ.

דער דאָזיקער טיפּ רעזשימ דארפ דורכגעפירט ווערנ אינ יעדנ קאָ־לעקטיוו פונ קינדער־אנשטאלט צוזאמענ מיט די פאָרשטייער פונעמ ראט פונ דעמ אנשטאלט באמ אומבאדינגטנ אָנטײל פונעמ דאָקטער, צוגעפאסט צו די אָרטיקע באדינגונגענ.

דאָס דורכפירנ דעמ רעזשימ איז אָבליגאטאָריש פאר אלע ארבעטער פונ דעמ אנשטאלט.

פארטרעטער פונעמ פאָלקאָמבילד

ע פּ ש ט ײ נ.

פארטרעטער פונעמ פאָלקאָמגעזונט

מ ו כ י נ.

# וועגנ דער ארבעט פונעמ דאָקטער אינ שול און אינ די פאָרשול־אנשטאלטנ און וועגנ דער פארגעזינטערונג־ארבעט אינ די קינדער־אנשטאלטנ

(באשלוס פונ דער קאָלעגיע פונ פאָלקאָמבילד און פונ פאָלקאָמגעזונט)

(געקירצט)

אינ צוזאמענהאנג מיטנ ארײַנציִענ מיליאָניקע קאָנטינגענטנ קינדער אינ דער מאסנשול און אינ די פאָרשול־אנשטאלטנ באקומט די אופגאבע פונ דורכפירנ מאסעווע פארגעזינטערונג־מאָסמיטלענ אנ אויסשליסלעכ גרויסע באדײַטונג. אראנק דעמ וואקסט אינ א גרויסער מאָס אויפ די ראָליע פונעמ דאָקטער אינ שול און אינעמ פאָרשול־אנשטאלט און דעמ פעדאגאָגס אופגאבנ אפנ געביט פונ פארגעזינטערנ די קינדער ווערנ באזונדערס פאראנטוואָרטלעכ. די פארגעזינטערונג־ארבעט און די היגיִענישע דערציִונג פונ די קינדער זײַנענ נאָכ ניט ארײַנ אינעמ צענטער פונ דער אופמערקזאמקײַט פונ די פעדאגאָגנ און פארוואלטער פונ די קינדער־אנשטאלטנ, און דער אָנטייל פונעמ דאָקטער אינ דער דאָזיקער פארגעזינטערונג און לערנ־דערציִערישער ארבעט, איז נאָכ אויסערסט ניט גענוגנדיק. דער דאָקטער נוצט נאָכ אלצ אויסערסט ווייניק אויס די רעכט, וואָס מע האָט אימ געגעבנ אלס סאניטארנ שול־אינספעקטער און פאָדערט צו ווייניק אינ פראט פונ דורכפירנ די סאניטאר־היגיִענישע פארגעזינטערונג־מאָסמיטלענ אינ דער מאסנשול מיצאַד דעמ פארוואלטער פונעמ קינדער־אנשטאלט און מיצאַד דער לערערשאפט. די שול־פארוואלטערס און די פעדאגאָגנ טראָגנ ניט די געהעריקע אכרײַעס פאר דער ריינקײַט פונ דער שול, פארנ געזונט פונעמ שילער און פאר זײַנ היגיִענישער דערציִונג.

אַרויסגייענדיק פֿון דעם אויבן געזאָגטן, באַשליסן די קאָלעגיעס פֿונעם פֿאָלקאָמבילד און פֿאָלקאָמגעזונט:

I. אַרויפֿלייגן אַפֿן שול־דיאַקטער אין דער מאַסנשול און פֿאַרשול־אַנשטאַלטן פֿאָלגנדיקע פֿליכטן:

1) סיסטעמאַטיש אַכטונג געבן אַפֿן סאַניטאַרן צושטאַנד פֿון די לאָקאַלן פֿון די קינדער־אַנשטאַלטן, אַף זייער אויסשטאַטונג, לערנמיטלען, אינווענטאַר אאַ.

2) אַקטיוו אָנטיילנעמען אין פּראָיעקטירן די קינדער־אַנשטאַלטן, און אין אויסוויילן פּאַר זיי אַן ערדבייטלעך.

3) סיסטעמאַטיש דורכפֿירן די נייטיקע סאַניטאַר־היגיִענישע און פּראָפֿילאַקטישע מאָסמיטלען צו וואָרענען און קעמפֿן קעגן די אָנשטעקנדיקע קראַנקייטן אין די קינדער־אַנשטאַלטן.

4) סיסטעמאַטיש אַכטונג געבן אַף דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער קינדער־דערנערונג אין די קינדער־אַנשטאַלטן אין הסכם מיט די פֿאָדערונגען פֿון דער געזונט־פֿאַרהיטונג און מיט די באַזונדערקייטן פֿונעם קינדער־אָרגאַניזם.

5) אַכטונג געבן אַפֿן געזונט און אַף דער פּסיכיש־פֿיזישער אַנטוויקלונג פֿון די קינדער אין אָרדענונג פֿון דיספּאַנסעריזאַציע און פּראָפֿילאַקטישע מעדיצינישע אונטערזוכונגען.

6) טאָגטעגלעך שטיצן און מיטהעלפֿן דעם פּעדאַגאָג אינעם אויפֿהייבן זיין קוואַליפֿיקאַציע אַפֿן געביט פֿון די פֿראַגן פֿון היגיִענע און געזונט־פֿאַרהיטונג.

7) דורכפֿירן אַ סיסטעמאַטישן מעדיצינישן קאָנטראָל איבער דער אויפֿקשטעלונג פֿון דער פֿיזישער דערציִונג אין די קינדער־אַנשטאַלטן.

8) מיטהעלפֿן ריכטיק דורכפֿירן אַלע עלעמענטן פֿון דער פּעדאַגאָגישער אַרבעט אַנטשפּרעכיק די באַזונדערקייטן אינעם עלטער פֿון די קינדער און די פֿאָדערונגען פֿון דער קינדער־פֿאַרהיטונג.

9) אָרגאַניזירן און אָנפֿירן מיט די מאַסנווע פֿאַרגעזונטערונג־מאָסמיטלען אין די קינדער־אַנשטאַלטן און אויסער זיי: אויסערשול־אָפּרו, עקסקורסיעס, טוריזם אאַ.

10) אַקטיוו און דירעקט אָנטייל נעמען אין פֿאַנאַנדעראַרבעטן און אין פּראַקטישן דורכפֿירן דעם רעזשים און די אינווייניקסטע איינאָר־

דענונג פונ דער מאַסנשול אונ סיסטעמאַטיש אַכטונג געבנ וויאַזוי זי ווערט אויסגעפילט.

11) אָרגאַניזירנ אונ אָנפירנ מיט דער אַרבעט פונעמ געזונט מאַכנ דעמ הייממישנ שטייגער פונ די קינדער מיט דער סאַניטאַרער קולטור־אַרבעט צווישנ די עלטערנ אונ דער אַרבעטער־קאָלווירטישער געזעלשאַפטלעכקייט.

II. אינ יענע ערטער, ווו עס זײַנענ ניטאָ קיינ ספּעציעלע שול־דאָקטוירימ, ווערט די אַרבעט פונעמ געזונטמאַכנ די שול אונ די פאָרשול־אַנשטאַלטנ אַרופגעלייגט אַפּ דאָקטוירימ פונ אַנדערע ספּעציאַליטעטנ, וועלכע ווערנ צוגעפּעסטיקט צו די אַנשטאַלטנ (סאַניטאַרע דאָקטוירימ, פּעדיאַטערנ, קרײַז־דאָקטוירימ אאַ.). אינ זייערע פליכטנ גייט אַרײַנ:

1) שטענדיק אַכטונג געבנ אַפנ סאַניטאַרנ צושטאַנד פונ דער שול אונ די פאָרשול־אַנשטאַלטנ.

2) דורכפירנ די נייטיקע סאַניטאַר־היגיענישע אונ הייל־פּראָפילאַקטישע מאָסמיטלענ אינעמ קאַמפ קעגנ די אָנשטעקנדיקע קראַנקײַטנ.

3) פּעריאָדיש אונטערזוכנ מעדיציניש די קינדער, קעדיי אויסצוטיילנ די קראַנקע אונ די וואָס נייטיקנ זיכ אינ באַזונדערע מינימ הייל־פּראָפילאַקטישע הילפ.

III. אַפנ פּעדאַגאָג ווערנ אַרופגעלייגט די פליכטנ:

1) טאָגטעגלעכ אַכטונג געבנ אַפנ סאַניטאַר־היגיענישנ צושטאַנד פונ דעמ קלאַסנ־צימער אונ פונ אַלע לאָקאַלנ, ווו עס קומט פאָר זײַנ פּעדאַגאָגישע אַרבעט.

2) טאָגטעגלעכ אַכטונג געבנ אַפנ דער ריינקייט אונ ציכטיקייט פונ די שילער אונ וויאַזוי עס ווערנ אויסגעפילט די פאָדערונג פונ פּערזענלעכער היגיענע.

3) סיסטעמאַטיש אַרבעטנ מיט די קינדער אַפּ אײַנפלאַנצנ אינ זיי די נייטיקע היגיענישע יעדיעס אונ געוווינהײַטנ.

IV. אַפנ פאַרוואַלטער פונ דער שול אונ דעמ פאָרשול־אַנשטאַלט אַרופלייגנ די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פארנ אויספילנ די מאָסמיטלענ פונ פאַרהיטנ דעמ געזונט פונ די קינדער אונ זייער היגיענישער דערציונג, ביפראַט אַרופלייגנ פאָלגנדיקע פליכטנ:

1) טאָגטעגלעכ דורכפירנ אַלע נייטיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע אונ מעטאָדישע מאָסמיטלענ, וואָס זאָלנ באַוואָרענענ די נאָרמאַלע אַרבעט פו־

נעמ דאָקטער און די פארוויירקלעכונג פון אלע פארגעזינטערונג־מאָס־מיטלען.

2) טאָגטעגלעכ זאָרגנ צו באוואָרענענ די מאטעריעלע באזע פון דער גאנצער פארגעזינטערונג־ארבעט אינ דער שול, די אויסשטאטונג פון אלע לערנ־לאָקאלנ איז העסקעמ מיט די פאָדערונגענ פון דער היגיענע און דער געזונט־פארהיטונג פון די קינדער, די באדערפענישנ פון דער שול אינ נייטיקנ סאניטאר־היגיעניש אינווענטאר (וואש־טישנ, רעזערווארנ פאר וואסער, שפייקעסטלעכ, זייפ, האנטעכער אא.), די אָרגאניזירונ פונ דעמ ביישול־ערדביילעק.

3) טאָגטעגלעכ אכטונג געבנ וויאזוי עס ווערט דורכגעפירט דער איינגעשטעלטער רעזשימ און די אינווייניקסטע אָרדענונג אינ די קינדער־אנשטאלטנ.

פאָלקאָמבילד בובנאָוו.
פאָלקאָמגעזונט וולאדימירסקי

# אינהאלט

זײַט



---

Редактор — Гринберг. Техред. И. Тененбаум. Корректор И. Рабкин. Сдано в производство 5/III-34 г. Подписано к печати 25/IV-34 г. Формат бумаги 72×110 1/32 6 1/4 п. л. 72.000 п. зн. в п. л. Тираж 3000. Уп. Главлита В—76328.

Тип. изд-ва „ДЕР ЭМЕС“, Москва, Покровка 9. Зак. 210.